פערלאג „ארבייטער פריינד".

איבסען

*Die Stützen der Gesellschaft*

# די שטיצען פון דער געזעלשאפט

*№ 141*

פרייז:

אין ענגלאנד 5 פעני — אמעריקא 12 סענט, רוסלאנד 20 קאפיקעס.




איבערזעצט פון

י. פריימאן.

געדרוקט אין דער „ארבייטער פריינד" דרוקעריי.

הענריק איבסען









# די שטיצען

פון דער

# געזעלשאפט

דראמא אין פיער אקטען.

פערלאג „ארבייטער פריינד״.
לאנדאן, מערץ, 1906.

איבערזעצט פון

א. פרומקין.





## פערזאנען:

קאָנזול בערניק.
בעטטי, זיין פרוי.
אָלאַף, זייער זוהן, 13 יאָהר אַלט.
פרייליין בערניק, דעם קאָנזול׳ס שוועסטער.
יאָהאַן טענעסען, מאַדאַם בערניק׳ס אינגערער ברודער.
פרייליין העסעל, איהר עלטערע שטיף-שוועסטער.
הילמאַר טענעסען מאַדאַם בערניק׳ס שוועסטער-קינד.
וויצע-פרעדיגער ראָהרלאַנד.
קויפמאַן רומעל.
מאַדאַם רומעל.
פרייליין רומעל.
קויפמאַן וויגעלאַנד.
קויפמאַן אַלטסטעד.
דינאַ דאָרף, אַ מיידעל ביים קאָנזול אין הויז.
פערוואַלטער קראַפ.
שיפבויער אַולער.
מאַדאַם דאָקטאָר לינגען.
מאַדאַם פאָסטמייסטער האָלט.
פרייליין האָלט.
בירגער פון דער שטאָדט, פרעמדע מאַטראָזען א.ז.וו.
די האַנדלונג קומט פאָר ביי קאָנזול בערניק אין הויז, אין אַ קליינער נאָרוועגישער האַפען שטאָדט.





# ערשטער אקט.

## גרויסער גאָרטען־זאַאל ביי קאָנזול בערניק אין הויז.

אין פּאָדער-גרונד לינקס פּיהרט אַ טהיר צום קאָנזול׳ס צימער. אַביסעל וייטער צוריק אַן ענגליכע טהיר. רעכטס אין מיטען ביהנע אַ גרויסע הויפּט-טהיר. די וואַנד אין הינטער-גרונד איז כמעט אין גאַנצען פון שפּיגעל-גלאָז, מיט אַן אָפּענער טהיר, וואָס פּיהרט אַרויס צו ברייטע גאָרטען-טרעפּ, איבערגעצויגען מיט אַ דעכעל. ביי די טרעפּ זעהט מען אַ טהייל פון גאָרטען, וועלכער איז אַרומגענומען מיט אַ גדר מיט קליינע טהירעלאַך. ביים גדר ציהט זיך אַ גאַס, וועלכע איז אויף דער אַנדער זייט בעבויט מיט קליינע העל-געפּאַרבטע הייזער.— ס׳איז אַ וואַרעמער זומער-טאָג. פון צייט צו צייט געהען פערביי איינצעלנע מענשען איבער דער גאַס; מען שטעלט זיך אָב און מען שמועסט; אין אַ קראָם, ביים עק גאַס, ווערט געקויפט און פערקויפט א.ז.וו. אין סאַלאָן אַרום אַ טיש זיצט אַ קאָמפּאַניע פון דאַמען. אין מיטען ביים טיש זיצט מאַדאַם בערניק. לינקס פון איהר מאַדאַם האָלט מיט דער טאָכטער; דערנאָך מאַדאַם רומעל און פריילין רומעל. רעכטס פון מאַדאַם בערניק זיצען מאַדאַם לינגען, פריילין בערניק און דינאַ דאָרף. עטליכע דאַמען פערנעהמען זיך מיט האַנד-אַרבייט. אויפ׳ן טיש ליגען גרויסע הויפּענס פון האַלב-פאַרטיגע און צוגעשניטענע שטיקער לייווענד, אַזוי ווי אַנדערע קליידונגס-זאַכען. אַביסעל ווייטער צוריק, ביי אַ קליין טישעל, אויף וועלכען עס שטעהען בלומען-טעפּ אין אַ גלאָז צוקער-וואַסער, זיצט וויצע-פּרעדיגער ראָהרלאַנד און לייענט פאָר פון אַ בוך מיט גאָלדשניט, אָבער עפּעס אַזוי פאַר זיך, אַז די צושויער הערען נור איינציגע ווערטער. אויף דרויסען אין גאָרטען לויפט אַרום אָלאַף בערניק און שיסט מיט אַ פיילענבויגען אין וואָס פאַר עס איז ציעל.— נאָכדעם ווי ראָהרלאַנד האָט אַ ווייל געלייענט, קומט אַריין שיפּ-בויער אַולער דורך דער טהיר רעכטס. די פאָרלעזונג ווערט אויף אַ ווייל געשטערט. מאַדאַם בערניק טהוט אַ שאָקעל מיט׳ן קאָפּ צו איהם און ווייזט אָן אויף דער טהיר לינקס. אַולער געהט פּאַמעליך

דורך'ן צימער און קלאַפּט אָן שטילערהייט עטליכע מאָל ביים קאָנזול אין טהיר. פּ ע ר ו ו אַ ל ט ע ר ק ר אַ פּ, מיט'ן הוט אין דער האַנד און פּאַפּירען אונטער'ן אָרים, קומט אַרויס פון צימער.

קראַפּ. אַה, דאָס האָט איהר גאָר געקלאַפּט?

אולער. דער קאָנזול האָט מיך אַהער גערופען.

קראַפּ. נו יאָ; קען אייך אָבער אַצונד ניט אויפנעהמען; האָט מיר געהייסען, אייך זאָ—

אולער. איהר? כ'וואָלט דאָך ליעבערשט געוואָלט—

קראַפּ. —מיר געהייסען זאָגען אייך, אַז די דאָזיגע שבת'דיגע פאָרטרעגע פאַר די אַרבייטער מוזען אויפהערן.

אולער. אַזוי? כ'האָב געמיינט, אַז איך קען דאָך מיין פרייע צייט בענוצען דערצו, די—

קראַפּ. איהר טאָרט ניט בענוצען אייער פרייע צייט דערויף, צו מאַכען, אַז די לייט זאָלען טויגען צו גאָרנישט אין דער צייט פון דער אַרבייט. פאַראַכטאָגען שבת האָט איהר גערעדט מכח דעם היזק, וואָס די אַרבייטער ווערען האָבען דורך אונזערע נייע מאַשינען און די נייע אַרבייטס-מעטהאָדע אויף'ן דאָק. פאַרוואָס טהוט איהר דאָס?

אולער. דאָס טהו איך, כדי צו שטיצען די געזעלשאַפט!

קראַפּ. פערשטעהט זיך אַזוי! דער קאָנזול זאָגט, אַז דורך דעם וועלע: אַלע שנורען פון דער געזעלשאַפט אויפגעקניפּט ווערן.

אולער. מיין געזעלשאַפט איז ניט דעם קאָנזול'ס געזעלשאַפט, הערר פערוואַלטער! אַלס פאָרשטעהער פון דעם אַרבייטער-פעראיין מוז איך—

קראַפּ. ראשית כל זייט איהר „פאָרשטעהער" אויף קאָנזול בערניק'ס דאָק. ראשית כל מוזט איהר ערפילען אייער חוב צו דער געזעלשאַפט, וואָס טראָגט קאָנזול בערניק'ס נאָמען; מחמת פון איהר לעבען מיר אַלע מיטאַנאַנדער.— נאַ, אַצונד ווייסט איהר, וואָס דער קאָנזול האָט אייך געהאַט צו זאָגען.

אולער. דער קאָנזול וואָלט עס ניט אויף אַזאַ אופן געזאָגט, הערר פערוואַלטער! אָבער איך קען זיך שוין פאָרשטעלען, וועמען איך האָב צו פערדאַנקען פאַר דער דאָזיגער לעקציע. ס'איז דער פער-פלוכטער אַמעריקאַנער. אָט די לייט ווילען, מען זאָל דאָ אַרבייטען אויף זייער אופן, און דאָס—

קראַפּ. יאָ יאָ יאָ; אין ווייטע דרכים קען איך זיך מיט אייך ניט אַריינלאָזען. אַצונד ווייסט איהר, הייסט עס, דעם קאָנזול'ס מיינונג; און אַ סוף דערמיט! זייט אַזוי גוט און געהט צוריק צום האַפען; מען דאַרף אייך דאָרט אודאי נייטיג האָבען; איך אַליין קום אויך תיכף אַרונטער.— פערצייהט, מיינע דאַמען! (ער בעגריסט און געהט אַרויס

דורך׳ן גאָרטען אויף דער גאַס. אַזלער געהט אַוועק שטילערהייט דורך דער טהיר רעכטס. ראָהרלאַנד, וואָס האָט ניט אויפגעהערט לייענען אין דער גאַנצער צייט וואָס דאָ איז מיט אַן איינגעהאַלטענעם טאָן געפיהרט געוואָרען דער געשפרעך, ווערט באַלד נאָכדעם פאַרטיג מיט זיין געשיכטע אין טהוט אַ היבשען קלאַפּ מיט׳ן בוך, בשעת ער מאַכט עס צו.)

ראָהרלאַנד. נאַ, מיינע געעהרטע צוהערערינען, דערמיט איז די געשיכטע געענדיגט.

מאַדאַם רומעל. אַך, וואָס פאַר אַ בעלעהרענדע ערצעהלונג!

מאַדאַם האָלט. און אַזוי מאָראַליש!

מאַדאַם בערניק. אַזאַ בוך גיט ווירקליך פיעל צו דיינקען.

ראָהרלאַנד. נו יאָ; ס׳איז פונקט דער היפוך פון יענע פראָדוקטען, וואָס די צייטונגען און צייט-שריפטען גיבען אונז לוידער טאָג פאַר טאָג. אָט די פערגאָלדעטע און אויסגעפוצטע דרויסענדיגע זייט, וואָס די גרויסע געזעלשאַפט טראָגט לפנים—וואָס ליגט אייגענטליך בעהאַלטען אונטער דעם? הויהלקייט און פערפוילטקייט! קיין שום מאָראַלישער באָדען אונטער די פיס. מיט איין וואָרט—דאָס זיינען אָבגעקאַלכטע קברים, אָט די מאָדערנע גרויסע געזעלשאַפט.

מאַדאַם האָלט. זעהר ריכטיג!

מאַדאַם רומעל. ס׳איז דאָך גענוג אַ קוק צו טהאָן אויף די דאָזיגע אַמעריקאַנישע מאַטראָזען, וועלכע האַלטען זיך דאָ איצט אויף.

ראָהרלאַנד. נו, וועגען אַזאַ מין אָבשוים פון דער מענשהייט וויל איך שוין גאָרניט ריידען. אָבער די העכערע קרייזען אפילו—ווי זעהט עס ביי זיי אויס? אומעטום צווייפעל און ווירענדע אונרוהיגקייט; אונצופריעדענהייט אין די הערצער, אונזיכערקייט אין אַלע פערהעלטניסען. ווי אונטערגעגראָבען דאָס פאַמיליענלעבען איז דאָרט אַביסעל! וואָס פאַר פרעכע צושטערענדע תאוות עס דריקען זיך דאָרט אויס זאָגאַר געגען די הייליגסטע וואַהרהייטען!

דינאַ (ניט אומקוקענדיג זיך). אָבער טרעפען דאָרט גאָרניט קיין גרויסע און שעהנע זאַכען?

ראָהרלאַנד. גרויסע און שעהנע—?! כ׳פערשטעהע ניט—

מאַדאַם האָלט (ערשטוינט). אָבער, מיין גאָט, דינאַ—!

מאַדאַם רומעל (אין דערזועלבער צייט). אָבער דינאַ, ווי קומסט דו גאָר—!

ראָהרלאַנד. כ׳גלויב ניט, אַז עס וואָלט געווען גוט פאַר אונז, ווען אָט די „גרויסע און שעהנע״ זאַכען וואָלטען געפונען ביי אונז אַן אָבקלאַנג. ניין, מיר מעגען דאַנקען און לויבען גאָט דערפאַר, וואָס ביי אונז איז אַזוי, ווי עס איז איצט. ס׳איז אמת, אַז אויך דאָ צוואַ-

וואַקסט זיך גענוג קראָפּעווע אונטער די ווייך; אָבער דאָס זוכען מיר דאָך מיט אַלע כחות אויסצוקאָראָניען, ס׳געהט אין דעם, מיינע דאַמען, צו האַלטען ריין די געזעלשאַפֿט—דערוווייטערן פֿון זיך אַלדאָס אויפֿריהרישע, וואָס אַ הייסע, קאָכיגע צייט קען נאָך אָנשיקען אויף אונז.

מאַדאַם האָלט. און דערפֿון איז לײדער דאָ איבער און איבער גענוג.

מאַדאַם רומעל. יאָ, פֿאַר אַ יאָהרען האָט געפֿעהלט אַ האָר, וואָלטען מיר צריבערגעקראָגען אַהער די אייזענבאַהן.

מאַדאַם בערניק. ני, דאָס האָט דאָך בערניק ניט דערלאָזען דערצו.

ראָהרלאַנד. די השגחה, מאַדאַם בערניק! זייט זיכער, אייער מאַן איז בלויז געווען אַ ווערקצייג ביי אַ העכערן אין דער האַנד, בעת ער האָט זיך אָבגעזאָגט צו שטיצען די אונטערנעהמונג.

מאַדאַם בערניק. און דאָך האָט ער געמוזט הערען אַזויפֿיעל אונאַנגענעהמע זאַכען וועגען זיך אין די צייטונגען. נאָר—מיר האָבען גאָר פֿערגעסען אייך צו דאַנקען, הערר וויצע-פּרעדיגער. ס׳איז ווירקליך מעהר איידער פֿריינדליך פֿון אייך, וואָס איהר אָפּפֿערט אַזוי פֿיעל צייט פֿאַר אונז.

ראָהרלאַנד. וואָס רעדט איהר—איצט אין דער וואַקאַנס-צייט—

מאַדאַם בערניק. יאָ יאָ, ס׳איז פֿאָרט אַן אָפּפֿער, הערר וויצע-פּריידיגער.

ראָהרלאַנד (רוקט צו זיין שטוהל נעהנטער). רעדט גאָרניט דערפֿון, בעסטע מאַדאַם בערניק. ברייננגט איהר דען אַלע ניט אַן אָפּ-פֿער צוליעב אַ גוטער זאַך? און ברייננגט איהר עס דען ניט גערן און מיט פֿרייד? אָט די מאָראַליש פֿערדאָרבענע, פֿאַר וועמעס בעסערונג מיר אַרבייטען, דאַרפֿען אין אַ געוויסען זינן בעטראַכט ווערן אַזוי ווי סאָלדאַטען וואָס זיינען פֿערוואונדעט געוואָרען אויף׳ן שלאַכט-פֿעלד. איהר, מיינע דאַמען, זייט די מאָנאַשקעס, די באַרמהערציגע שוועסטער, וואָס צופּען אָן די שאַרפּי, די בינטלאַך פֿעדים פֿאַר די אונגליקליכע גערעניעטע, וואָס פֿערבינדען זאַנפֿט די וואונדען זייערע, פּפֿלעגען אין היילען זיי—

מאַדאַם בערניק. ס׳מוז זיין אַ גרויסע מתנה פֿון גאָט צו קענען אַלצדינג זעהן אין אַזאַ שעהנעם ליכט.

ראָהרלאַנד. פֿיעל דערפֿון ליגט אמת ביי אונז אין דער נאַטור פֿון אונזער געבוירענס-טאָג אָן, אָבער מאַנכעס קענען מיר זיך אויך דער-גאָך איינשאַפֿען. ס׳האַנדעלט זיך נור צו קוקען אויף די זאַכען מיט די אויגען פֿון אַן ערנסטער לעבענס-אויפֿגאַבע... יאָ, וואָס זאָגט איהר

דערצו, פֿרייליין בערניק ? געפֿינט איהר ניט, אַז איהר שטעהט אויך פֿעסטער אויף די פֿיס, זינט איחר האָט זיך אין גאַנצען אָבגעגעבען דער שולע ?

פֿרייליין בערניק. אַך, כ׳ווייס ניט, וואָס איך זאָל אייך זאָגען. אָפֿטמאָל, בשעת איך געה אין שולע, וואָלט זיך מיר עפּעס געוואָלט זיין ווייט אַוועק פֿון דאַנעט אויף׳ן ווילדען ים.

ראָהרלאַנד. יאָ, זעהט איהר, דאָס זיינען די אָנשיקענישען, די פֿינסטערע געדאַנקען, ליעב פֿרייליין. אָבער אַזעלכע אונרוהיגע געסט מוז מען ווייזען די טהיר... דער ווילדער ים—דאָס מיינט איהר דאָך, פֿערשטעהט זיך, ניט ווערטליך; איהר מיינט יענע גרויסע רוישענדע געזעלשאַפֿט, אין וועלכער מעהר ווי איינער געהט צו גרונד. און איהר בייגקט טאַקי ווירקליך אַזוי שטאַרק נאָך׳ן לעבען, ווענעס רויש און קאָבעניש איהר הערט דאָ אויף דרויסען ? גיט נור אַ קוק אויף דער גאַס. אָן געהען די מענשען אַרום אין דער היץ און שוויצען און פלאַ-גען זיך מיט זייערע קליינטשינקע זאָרגען. ניין, כ׳לעבען, איז דאָך אונז ווירקליך בעסער,—מיר, וואָס מיר זיצען זיך דאָ אין דעם קיהלען צימער און קעהרען זיך אָב מיט׳ן רוקען צו דער זייט, פֿון וואַנעט די שטערונג קומט.

פֿרייליין בערניק. יאָ, דאָ זייט איהר פֿאָלקאָם גערעכט—

ראָהרלאַנד. און אין אַ הויז ווי דאָס דאָזיגע,—אין אַזאַ גוטער, בעקוועמער היים, וואו דאָס פֿאַמיליען-לעבען פֿיהרט זיך אַזוי שעהן, אַז שעהנער קען שוין גאָרניט זיין,—וואו ס׳הערשען שלום און אחדות——(צו מאַדאַם בערניק.) צו וואָס הערט איהר זיך דאָרט צו, גנעדיגע פֿרוי ?

מאַדאַם בערניק (אָנגעבויגען צו דער פֿאָדערשטער טהיר לינקס). ווי הויך זיי רייערן דאָס אַביסעל דאָ אינעווייניג !

ראָהרלאַנד. געהט עס אין עפּעס בעזונדערס ?

מאַדאַם בערניק. איך ווייס ניט. כ׳הער נור, אַז אימיצער איז דאָ אינעווייניג ביי מיין מאַן.

הילמאַר טענעסען קומט אַרויס מיט דעם ציגאַר אין מויל דורך דער טהיר רעכטס, דערזעהענדיג אָבער אַזוי פֿיעל דאַמען, בלייבט ער שטעהן.

הילמאַר. אָה, כ׳בעט פֿערצייהונג—(וויל צוריקגעהן.)

מאַדאַם בערניק. ניין, הילמאַר, קום צו נעהנטער, דו שטערסט אונז ניט. האָסט עפּעס געוואָלט ?

הילמאַר. ניין... כ׳האָב נור געוואָלט זיך אומקוקען אַביסעל.—גוטען מאָרגען, מיינע דאַמען. (צו מאַדאַם בערניק.) נו, וואָס וועט ווערן דערפֿון ?

מאַדאַם בערניק. פֿון וואָס ?

הילמאַר. בערניק האָט דאָך צונויפגערופען אַ קליינע געהיימע אסיפה׳לע.

מאַדאַם בערניק. אַזוי? וואָס איז אייגענטליך פאַר אַ נייעס?

הילמאַר. אַך, ווידער אַמאָל דער דאָזיגער אייזענבאַהן-שווינדעל.

מאַדאַם רומעל. ניין, איז דאָס מעגליך!

מאַדאַם בערניק. דער אָרעמער ריכאַרד,—אָט אפנים, ער האָט נאָך וויניג אונאַננעהמליכקייטען געהאַט—

ראָהרלאַנד. אָבער ווי געשיקט זיך דאָס הערר טענעסען? קאָנזול בערניק האָט דאָך פאָריגעס יאָהר אַזוי בעשיינפערליך געלאָזט וויסען, אַז ער וויל קיין אייזענבאַהן ניט האָבען...

הילמאַר. נו יאָ, אָבער קראַפּ האָט מיר נאָר וואָס דערצעהלט, אַז די אייזענבאַהן-געשיכטע איז ווידער אַרויפגעלייגט געוואָרען אויף׳ן טיש און בערניק האַלט אַ קאָנפערענץ מיט דריי פינאַנץ מענער פון דער שטאָדט.

מאַדאַם רומעל. מיר האָט זיך טאַקי געדוכט, אַזוז ווי איך וואָלט געהערט מיין מאַן׳ס קול אינעווייניג.

הילמאַר. פערשטעהט זיך, הערר רומעל איז דערביי,—אויך קויפמאַן אַטלסטעדט און רייגעקע וויגעלאַנד—אָדער ווימען רופט איהם, „הייליגער רייגעקע.“

ראָהרלאַנד. הם—

הילמאַר. כ׳בעט פערצייהונג, הערר וויצע פריידיגער.

מאַדאַם בערניק. און ס׳איז געווען דאָ אַזוי רוהיג און פריעדליך—

הילמאַר. נו, איך פון מיין זייט וואָלט כ׳לעבען גאָרנישט געהאַט דאַגעגען, זיי זאָלען זיך ווידער רייסען פאַר די האָר וועגען דער אייזענבאַהן, וואָלט מען לכל הפחות געהאַט אַביסעל צושטרייאונג.

ראָהרלאַנד. אָה, אַזעלכע צושטרייאונגען, דוכט מיר, וואָלט מען געמעגט מוחל זיין.

הילמאַר. ס׳ווענדט זיך ווי מען איז אָרגאַניזירט. געוויסע נאַטורען מוזען פון צייט צו צייט האָבען אויפרעגענדע קעמפפע. אָבער אַזוי וואָס קען דאָס קליינשטעדטישע לעבען ניט אָנבאָטען, און ניט יעדער איינער קען—(בלעטערט אין דעם „וויצע-פרעדיגער׳ס בוך.) „דאָס נייטטע קאַפּיטעל: די פרוי אַלס דיענערין פון דער געזעלשאַפט.“ נאַ, וואָס איז דאָס פאַרט פאַר אַ מין שמאָנצע?

מאַדאַם בערניק. גאָט, הילמאַר, אַזוי רעדט מען ניט. דו האָסט אודאי ניט געלייענט דאָס בוך.

הילמאַר. ניין, גאָט צו דאַנקען ניט.

מאַדאַם בערניק. דו ביסט עפעס היינט ניט מיט אַלעמען.

הילמאַר. דאָס בין איך ווירקליך ניט.

מאַדאַם בערניק. האָסט אפשר היינט ביינאַכט ניט גוט געשלאָפען?

הילמאַר. ניין, כ׳האָב זעהר שלעכט געשלאָפען. מחמת מיין קראַנקהייט האָב איך נעכטען אָוועגד געמאַכט אַ קלייגעם שפּאַציר. דערנאָך האָב איך זיך אַנידערגעזעצט אין קלוב און איבערגעלייענט אַ בעשרייבונג מכח אַ רייזע צום נאָרד-פּאָל. ס׳ליגט עפּעס קרעפטיגענדעס דעריין, מיטצוגעהן מיט דעם מענשען אין זיין שטרייט מיט דער נאַטור.

מאַדאַם רומעל. אָבער דאָס האָט אייך אודאי ניט פאַליובעט, הערר טענעסען?

הילמאַר. איהר האָט געטראָפען, מאַדאַם רומעל: די גאַנצע נאַכט האָב איך זיך אַרומגעוואָרפען אין דרומעל אַהין און אַהער און מיר האָט זיך גע׳חלום׳ט, אַז איך ווער געיאָגט פון אַ מיאוס׳ער ים-קוה.

אָלאַף (וועלכער איז אַרויף אויף די גאָרטען-טרעפּ.) וואָס? אַ ים-קוה האָט זיך געיאָגט נאָך דיר, פעטער?

הילמאַר. אַזוי האָט זיך מיר גע׳חלום׳ט, דו בהמה דו! אָבער זאָג מיר נאָר, דו שפּיעלסט זיך גאָך אַלץ מיט אָט דעם לעכערליכען פיילענבויגען? פאַרוואָס נעהמסט דו ניט בעסער קיין ריכטיגען ביקס אין דער האַנד?

אָלאַף. יאָ, איך וואָלט עס גערן געטהאָן, נאָר—

הילמאַר. ווייל אַ ביקס, פערשטעהסט דו מיך—דאָס האָט דאָך אַ זינן, ס׳ליגט אימער אַביסעל נערווען-שפּאַנונג אין דעם, בשעת מען וויל אויסשיסען.

אָלאַף. און דאַן וואָלט איך געקענט שיסען בערען, פעטער, אָבער דער פאַפּאַ לאָזט ניט.

מאַדאַם בערניק. דו דאַרפסט איהם ווירקליך ניט אַריינקלאַפּען אַזוי וואָס אין קאָפּ, הילמאַר.

הילמאַר. הם,—יאָ, אָט דאָס הייסט אַביסעל אַ דור, וואָס מען ערציהט אַצונד! מען האַלט רק אין איין פּלאַפּלען פון טהאָן און האַנדלען—זאָל גאָט אָבהיטען!— נאָך אַלעמען איז דאָס אין גאַנצען ניט מעהר ווי אַ שפּיעלעריי; וואו קריגט מען איהם גאָך אַצונד, יענעם נאַטירליכען מוטה, וואָס קען קוקען מיט דרייסטקייט דער געפאַהר אין די אויגען?— צילעווע ניט אַזוי מיט׳ן בויגען אויף מיר, דו נארישער בחור דו; ער קען נאָך אויסשיסען.

אָלאַף. וואָס רעדסט דו, פעטער? ס׳איז דאָך ניטאָ קיין פייל אין איהם!

הילמאַר. פון וואַנעט ווייסט דו עס? ס׳קען זיך גראָד געפינען איינער דאָרט, נעהם איהם צו, זאָג איך דיר!... פאַרוואָס צו׳ן אַלדי רוחות ביסט דו קיינמאָל ניט אַריבערגעפאָהרען קיין אַמעריקאַ אויף

איינעם פֿון דיין טאַטענס שיפֿען ? דאָרט וואָלסט דו געקענט זעהן אַ יאַגד פֿון בופֿלאַקסען אָדער אַ געפֿעכט מיט די רויטע אינדיאַנער.

מאַדאַם בערניק. אָבער הילמאַר—

אָלאַף. יאָ, כ׳וואָלט עס גערן געוואָלט, פֿעטער. און דאַן וואָלט איך אפשר געקענט טרעפֿען דאָרט דעם פֿעטער יאָהאַן און די מוהמע לאָנאַ.

הילמאַר. הם—; נאַ, גענוג דיר צו פלאַפלען!

מאַדאַם בערניק. אַצונד קענסט דו צוריקגעהן אין גאָרטען, אָלאַף.

אָלאַף. מאַמאַ, מעג איך אויך אַרויסגעהן אַביסעל אויף דער גאַס?

מאַדאַם בערניק. יאָ, אָבער ניט צו ווייט. (אָלאַף לויפֿט אַרויס דורך׳ן גאָרטען-טהירעל.)

ראָהרלאַנד. איהר טאָרט דעם קינד ניט אַריינהאַקען אַזעלכע געדאַנקען אין קאָפּ, הערר טעגעסען.

הילמאַר. פֿערשטעהט זיך, מחמת דאָס זיהנדעלע מוז דאָך נאַ-טירליך בלייבען אין דערהיים און ווערן אַ צבוע׳יאַק, גלייך מיט אַזוי פיעל אַנדערע.

ראָהרלאַנד. טאָ פֿאַרוואָס פֿאָהרט איהר זיך אַליין ניט דורך אַהין?

הילמאַר. איך? מיט מיין שוואַכען געזונד? נו יאָ, פֿערשטעהט זיך, קיינער מאַכט זיך דאָ אין דער שטאָדט קיין גרויסען צימעס ניט דערפֿון. אָבער דאָך—מען האָט דאָך עפעס פֿאָרט געוויסע פפֿליכטען צו דער געזעלשאַפֿט, אין וועלכער מען לעבט. דאָ מוז דאָך לכל הפחות זיין איינער, וואָס זאָל אויפֿהויבען הויך די פֿאָהן פֿון דעם אידעאַל... הו, ווי ער שרייט שוין ווידער דאָרט?

די דאַמען. ווער שרייט?

הילמאַר. אַה, זאָל איך אַזוי וויסען בייז. זיי ריידען נור אַביסעל צו הויך דאָרט אינעווייניג, און דאָס מאַכט מיך נערוועז.

מאַדאַם רומעל. דאָס מוז אַודאי זיין מיין מאַן, הערר טענעסען. אָבער ער איז שוין אַזוי צוגעוועהנט צו ריידען אויף גרויסע אסיפות—

ראָהרלאַנד. נישקשה, די אַנדערע ריידען אויך ניט זעהר שטיל.

הילמאַר. גאַנץ געוויס; ווארים אַז עס געהט נור אין דעם, אָב-ציהיטען די קעשענע, דאַן—; אַלצדינג דרעהט זיך דאָ אַרום קליינע מאַטעריעלע חשבנות. אוף!

מאַדאַם בערניק. על כל פנים איז דאָך דאָס בעסער איידער פֿריהער, ווען מען האָט צו אַלצדינג דערלייגט דעם קאָפּ.

מאַדאַם לינגען. איז דאָ פֿריהער טאַקי געווען אַזוי שלעכט?

מאַדאַם רומעל. אַלץ הייסט שלעכט. מאַדאַם לינגען, כ׳לעבען,

איהר מעגט זיך שעצען גליקליך, וואָס איהר האָט דעמאָלט ניט גע-וואוינט דא.

מאַדאַם האָלט. יאָ, אַ שעהן ביסעל זאַכען האָבען זיך דאָ גע-ביטען! אַז איך דערמאָן זיך אָן מיינע מיידעל-יאָהרען—

מאַדאַם רומעל. אָה, איהר דאַרפט נור אַ קוק טהאָן מיט אַ פערצעהן, פופצעהן יאָהר צוריק. גאָט מיינער, וואָס פאַר אַ לעבען ס'איז דאָ געווען! מיר האָבען דעמאָלט געהאַט גאַנצע צוויי פעראיינען מיט אַמאָל: דעם טאַנץ פעראיין און דעם מוזיקאַלישען פעראיין—

פריילין בערניק. און דעם דראַמאַטישען פעראיין. כ'דערמאָן זיך נאָך זעהר גוט אָן איהם.

מאַדאַם רומעל. דאָרט האָט מען געשטעלט איייער שטיק, הערר טענעסען.

הילמאַר. (אין הינטערגרונד). וואָס, וואָס—?

ראָהרלאַנד. הערר טענעסען'ס אַ שטיק?

מאַדאַם רומעל. דאָס איז געווען אַ צייט איידער איהר זייט אָנגעקומען אַהער, הערר וויצע-פרעדיגער... איבעריגענס, האָט מען עס בלויז איינמאָל געשפיעלט.

מאַדאַם לינגען. ס'איז ניט יענעס שטיק, וואו איהר, ווי איהר האָט מיר דערצעהלט, האָט געשפיעלט די ליעבהאָבערין, מאַדאַם רומעל?

מאַדאַם רומעל (כאַפט אַ גנב'ישען קוק אויף דעם וויצע-פרעדיגער.) איך? כ'קען זיך ווירקליך ניט דערמאָנען, מאַדאַם לינגען. אָבער דאָס געדיינק איך נאָך גאַנץ גוט, וואָס פאַר אַ רוישיג, לוסטיג לעבען ס'האָט דעמאָלט געהערשט אין די פאַמיליען.

מאַדאַם האָלט. נאַ, און אין אַ טהייל הייזער האָט מען וואָך פאַר וואָך צוויי גרויסע בעלער געמאַכט!

מאַדאַם לינגען. און אַחוץ דעם איז דאָך דאָ עפּעס געווען אַ רייזענדע טעאַטער-קאָמפּאַני...

מאַדאַם רומעל. נו יאָ, דאָס איז טאַקי די גרעסטע צרה געווען—!

מאַדאַם האָלט (אומרוהיג). הם, הם—

מאַדאַם רומעל. אַקטיאָרען? ניין, דאָס הויב איך ניט אָן גע-דיינקען.

מאַדאַם לינגען. יאָ, ס'הייסט דאָך, אַז די לייט האָבען דאָ אָבגעטהאָן אַזעלכע נאַרישע שטיק. ווי איז דאָס אין דער אמת'ן געווען?

מאַדאַם רומעל. אָה, אייגענטליך איז גאָרנישט געווען, מאַדאַם לינגען.

מאַדאַם האָלט. דינאַ, טהייערע, דערלאַנג מיר זיי מוחל דאָס שטיקעל לייווענד דאָרט.

מ אַ ד אַ ם ב ע ר נ י ק (אין דערזועלבער רגע). דינאַ, ווילסט אַזוי גוט זיין אַריינגעהן אין קיך און זאָגען קייטי׳ן זי זאָל ברייננען דעם קאַפֿע.

פֿ ר י י ל י י ן ב ע ר נ י ק. כ׳געה מיט, דינאַ. (דינאַ און פֿריילײן בערניק געהען אַרויס דורך דער אויבערשטער טהיר לינקס.)

מ אַ ד אַ ם ב ע ר נ י ק (זיך אויפֿהויבענדיג פֿון אָרט). און איהר מוזט מיר ענטשולדיגען אַ ווײלע, מיינע דאַמען; כ׳מיין, מיר וועלען טרינקען דעם קאַפֿע אויף דרויסען. (זי געהט אַרויס אויף די גאָרטען-טרעפּ און נעהמט זיך גרייטען אַ טיש. דער וויצע-פּרעדיגער שטעהט ביי דער טהיר און רעדט מיט איהר. הילמאַר זיצט אויף דרויסען און רויכערט.)

מ אַ ד אַ ם ר ו מ ע ל (שטילערהײט). מיין גאָט, מאַדאַם לינגען, האָט איהר דאָס מיך אַביסעל דערשראָקען!

מ אַ ד אַ ם ל י נ ג ע ן. איך?

מ אַ ד אַ ם ה אָ ל ט. יאָ,—אָבער איהר האָט דאָך אַליין אָנגעהויבען ריידען דערפֿון, מאַדאַם רומעל.

מ אַ ד אַ ם ר ו מ ע ל. איך? ניין, ווי פֿאַלט עס אייך גאָר איין צו זאָגען, מאַדאַם האָלט? כ׳האָב דאָך קיין האַלב וואָרט ניט אויסגערעדט.

מ אַ ד אַ ם ל י נ ג ע ן. אָבער כ׳בעט אייך, וואָס איז דאָ אַזוינס?

מ אַ ד אַ ם ר ו מ ע ל. ווי האָט איהר פֿאָרט געקענט אָנהויבען ריידען מכח—! בעטראַכט זיך נור... איהר האָט גאָרנישט געזעהן, אַז דינאַ איז דאָ?

מ אַ ד אַ ם ל י נ ג ע ן. דינאַ? אָבער מיין גאָט, צי איז זי דען—?

מ אַ ד אַ ם ה אָ ל ט. און ד אָ אין הויז! אָט אַפּנים איהר ווייסט דען ניט, אַז דאָס איז געוועזן מאַדאַם בערניק׳ס ברודער—?

מ אַ ד אַ ם ל י נ ג ע ן. וואָס—? פֿון וואַנעט זאָל איך עס וויסען? כ׳בין דאָך ערשט דאָ ניט לאַנג—

מ אַ ד אַ ם ר ו מ ע ל. איהר האָט דען ניט געהערט, אַז—? הם— (צו איהר טאָכטער.) קענסט אַרויסגעהן אַ ווײלע אין גאָרטען, הילדאַ.

מ אַ ד אַ ם ה אָ ל ט. דו אויך, נעטאַ. און זייט אַקאָרשט פֿריינדליך מיט דער אָרעמער דינאַ׳ן, דו הערסט?... (הילדאַ רומעל און נעטאַ האָלט געהען אַרויס אין גאָרטען.)

מ אַ ד אַ ם ל י נ ג ע ן. נו, וואָס איז פֿאָרט געשעהן אַזוינס מיט מאַדאַם בערניק׳ס ברודער?

מ אַ ד אַ ם ר ו מ ע ל. איהר ווייסט גאָרניט, אַז דאָס האָט ע ר דאָס אָנגעמאַכט דעם מיאוס׳ן סקאַנדאַל?

מ אַ ד אַ ם ל י נ ג ע ן. וואָס, הילמאַר טענעסען האָט אַ סקאַנדאַל—?

מ אַ ד אַ ם ר ו מ ע ל. גאָט איז מיט אייך, ניין, ניט ער,—הילמאַר איז דאָך איהר שוועסטער-קינד, מאַדאַם לינגען. כ׳מיין איהר ברודער—

מאַדאַם האָלט. דעם פערשווענדערישען, פערלאָרענעם טע-נעסען—

מאַדאַם רומעל. יאָהאַן האָט ער געהייסען. ער איז אַנטלאָפען קיין אַמעריקאַ.

מאַדאַם האָלט. האָט געמוזט אַנטלויפען,—מיינט איהר צו זאָגען.

מאַדאַם לינגען. און דער, הייסט עס, האָט דעם מיאוס'ן סקאַנדאַל—

מאַדאַם רומעל. יאָ, ס'איז געווען אַזאַ מין—ווי זאָל איך עס אָנרופען ?... ס'איז געווען עפּעס—מיט דינאַ'ס מוטער. אָה, כ'געדיינק עס נאָך אזוי גוט, אַקוראַט ווי עס וואָלט ערשט נעכטען געטראָפען !... יאָהאַן טענעסען איז דעמאָלט געווען ביי דער אַלטער מאַדאַם בערניק אין געשעפט ; ריכארד בערניק איז אָקאָרשט געווען צוריקגעקומען פון פאַריז,—איז נאָך ניט געווען פער'קנס'ט—

מאַדאַם לינגען. יאָ, אָבער דער מיאוס'ער סקאַנדאַל?

מאַדאַם רומעל. נו יאָ, זעהט איהר,—יענעם ווינטער איז מי-לער'ס טעאַטער-געזעלשאַפט געווען דאָ אין שטאַדט—

מאַדאַם האָלט. —און אין דער דאָזיגער געזעלשאַפט איז געווען דער אַקטיאָר דאָרף מיט זיין פרוי. אַלע יונגע מענער זיינען איינפאַך משוגע געוואָרען פאַר איהר.

מאַדאַם רומעל. יאָ, זאָל מיר אסור זיין, צי איך וויים, וואָס זיי האָבען אויף איהר דערזעהן פאַר אַ שעהנקייט. נור איינמאָל קומט דער אַקטיאָר דאָרף אַהיים שפעט ביינאַכט—

מאַדאַם האָלט. —גאָר אומגעריכט—

מאַדאַם רומעל. —און ער געפינט—ניין, בנאמנות, ס'איז אַ חרפה צו דערצעהלען.

מאַדאַם האָלט. ניין, מאַדאַם רומעל, ער האָט גאָרנישט געפונען, מחמת די טהיר איז געווען פערשלאָסען פון אינעווייניג.

מאַדאַם רומעל. נו יאָ, דאָס זאָג איך דאָ ; ער האָט געפונען די טהיר פערשלאָסען. און שטעלט אייך פאָר, דער פון אינעווייניג האָט קיין אַנדער ברירה ניט נור אַרויסשפרינגען פון פענסטער.

מאַדאַם האָלט. הויך אויבען פון אַ בוידים-פענסטער !

מאַדאַם לינגען. און דאָס איז געווען מאַדאַם בערניק'ס ברודער ?

מאַדאַם רומעל. מאַדאַם בערניק'ס ברודער.

מאַדאַם לינגען. און דאַן איז ער דאָס אַוועק קיין אַמעריקאַ ?

מאַדאַם האָלט. האָט געמוזט אַוועק קיין אַמעריקאַ—

מאַדאַם רומעל. מחמת שפעטער איז מען געוואָהר געוואָרען עפּעס, וואָס איז געווען כמעט אַזוי שלעכט ; שטעלט זיך פאָר, ער האָט געלייגט די האַנד אויף דער קאַסע—

מאַדאַם האָלט. אָבער דאָס ווייסט מען דאָך ניט אויף ריכטיג, מאַדאַם רומעל; אפשר זיינען דאָס בלויז געוועזען אַזעלכע סלוכען.

מאַדאַם רומעל. גאָט איז מיט אייך, וואָס הייסט סלוכען! אָט אַפנים די גאַנצע שטאָדט האָט ניט געקלונגען דערמיט? צי האָט דען די אַלטע מאַדאַם בערניק מחמת דער גנבה ניט געהאַלטען נאָך אַ האָר ביי אַן אָנזעץ? דאָס האָט מיר רומעל אַליין דערצעהלט. אָבער זאָל מיך גאָט אָבהיטען, איך זאָל עפּעס ריידען דערפון.

מאַדאַם האָלט. מילא, ווי ס'איז שוין, די מאַדאַם דאָרף האָט דאָס געלד סיי ווי סיי ניט געקראָגען, מחמת זי—

מאַדאַם לינגען. יאָ, וואָס איז דערנאָך געוואָרען מיט דינאַ'ס עלטערן?

מאַדאַם רומעל. וואָס האָט געזאָלט ווערן? דאָרף האָט אַי־בערגעלאָזט ווייב און קינד און איז זיך אַוועק זיין וועג. אָבער די— מאַדאַם האָט ווירקליך געהאַט גענוג חוצפה אין זיך צו בלייבען דאָ נאָך אַ גאַנץ יאָהר צייט! אין טעאַטער האָט זי, פֿערשטעהט זיך, ניט געעסמייעט זיך מעהר צו ווייזען; נאָר זי האָט זיך ערנעהרט מיט וואַשען און גייהען—

מאַדאַם האָלט. אין דערנאָך האָט זי געפּרואווט עפענען אַ טאַנץ־שול.

מאַדאַם רומעל. דאָס האָט זיך איהר נאַטירליך ניט איינגע־געבען. וואָרים וועלכע עלטערן וואָלטען עס אָנגעטרויט אַזאַ פּרוי די קינדער זייערע? אָבער ס'האָט לאַנג ניט געדויערט; די פיינע מאַדאַם איז ניט געוועהנט געווען צו דער אַרבייט; זי האָט געקראָגען אַ ברוסט־פעהלער און איז געשטאָרבען.

מאַדאַם לינגען. אָה, דאָס איז טאַקי געווען אַ מיאוס־ער סקאַנדאַל!

מאַדאַם רומעל. נאַ, איהר קענט זיך פאָרשטעלען, דאָס איז געווען אַ ביטערע פיל פאַר די בערניק'ס. דאָס איז דער שוואַרצער פלעק אין דער זונן פון זייער גליק, ווי מיין מאַן האָט זיך אַנומאָלט אויסגעדריקט. דעריבער דאַרפט איהר קיינמאָל ניט ריידען מכח די זאַכען דאָ אין הויז מאַדאַם לינגען.

מאַדאַם האָלט. און, ווי גאָט איז אייך ליעב, אויך ניט וועגען דער שטיף־שוועסטער!

מאַדאַם לינגען. יאָ, כ'האָב גאָר פערגעסען, מאַדאַם בערניק האָט דאָך, הייסט עס, אויך אַ שטיף־שוועסטער?

מאַדאַם רומעל. געהאַט—גליקליכערווייזע; מחמת אַצונד איז אויס פֿערוואַנדשאַפט צווישען זיי... יאָ, דאָס איז אַביסעל געווען אַ שטיקעל סחורה! שטעלט אייך פאָר, זי פלעגט טראָגען קורצע האָ־

און אין א רעגען פלעגט זי ארומגעהן אין מאנסבילשע שטיוועל.

מאדאם האלט. און אז איהר שטיף-ברודער—דער צו גרונד געגאנגענער נפש—איז אוועק קיין אמעריקא און די גאנצע שטאדט איז פערשטעהט זיך אויף געוועזן מיט איהם,—טרעפט, וואס זי טהיט פארט? זי הויבט זיך אויף און פאהרט איהם נאך.

מאדאם רומעל. יא, אבער דער סקאנדאל, וואס זי האט פאר׳ן אבפאהרען געמאכט, מאדאם האלט!

מאדאם האלט. שש, רעדט ניט דערפון!

מאדאם לינגען. וואס זשע, זי האט, הייסט עס, אויך געמאכט א סקאנדאל.

מאדאם רומעל. יא, הערט אויס, מאדאם לינגען. ריכארד בערניק האט זיך אקארשט געהאט פער׳קנס׳ט מיט בעטטי טענעסען; און גראד ווען ער איז ארם אין ארם מיט איהר געקומען צו איהר מוהמע׳ן, כדי עס איהר צו לאזען וויסען—

מאדאם האלט. מחמת די טענעסענס האבען קיין עלטערן ניט געהאט, מוזט איהר וויסען—

מאדאם רומעל. — דא הויבט זיך אויף לאנא העסעל און דערלאנגט דעם פיין-געבילדעטען ריכארד בערניק אזא פאטש, אז עס איז איהם פשוט בלוי געווארען פאר די אויגען.

מאדאם לינגען. נא, כ׳וואלט עס קיינמאל—!

מאדאם האלט. יא, אזוי איז עס.

מאדאם רומעל. און דאן האט זי איינגעפאקט איהר קופער און איז אוועק קיין אמעריקא.

מאדאם לינגען. אט אפנים זי האט אליין געווארפען איין איהם אן אויג?

מאדאם רומעל. כ׳מיין עפעס אזוי. זי האט זיך איינגעשמועסט, אז ער וועט מיט איהר חתונה האבען, ווען ער קומט צוריק פון פאריז.

מאדאם האלט. זיך איינריידען אזא זאך! בערניק—דער יונגער פיינער וועלט-מענש,—דער פאלנער קאוואליער,—דער ליעבלינג פון אלע דאמען—

מאדאם רומעל. —און דאך אזוי אנשטענדיג, מאדאם האלט, און אזוי מאראליש!

מאדאם לינגען. אבער צו וואס האט זיך דאס דאזיגע פרייליין העסעל פארט גענומען דארט אין אמעריקא?

מאדאם רומעל. נו יא, זעהט איהר, איבער דעם הייגנט, ווי דער מאן מיינער האט זיך אמאל אויסגעדריקט, א שלייער, וואס מען קען אזוי לייכט ניט ארונטערנעהמען.

מאדאם לינגען. וואס הייסט?

מאַדאַם רומעל. זי האָט, פֿערשטעהט זיך, מעהר קיין שום־פֿערבינדונג ניט מיט דער פֿאַמיליע; נאָר אַזוי פֿיעל ווייסט דאָך די גאַנצע שטאָדט, אַז זי האָט דאָרט אין די רעסטאָראַנען פֿאַר געלד געזונגען—

מאַדאַם האָלט. —און עפֿענטליכע פאָרטרעגע געהאַלטען—

מאַדאַם רומעל. —און אַ גאַנץ פעררוקטעס בוך האָט זי אַרויסגעגעבען.

מאַדאַם לינגען. וואָס איך הער!

מאַדאַם רומעל. יאָ, לאָנגאַ העסעל איז אויך אָט אַזאַ מין זונען-פֿלעק אין די בערניק׳ס פֿאַמיליען-גליק... אָבער אַצינד ווייסט איהר שוין די גאַנצע געשיכטע, מאַדאַם לינגען. גאָט איז מיין עדות, אַז איך האָב וועגען דעם גערעדט בלויז דערפֿאַר, איהר זאָלט ווייטער קענען אַבטינג געבען וואָס איהר רעדט.

מאַדאַם לינגען. אָה, איהר קענט זיכער זיין, איך וועל זעהר שטאַרק אַכטונג געבען.— אָבער די דאָזיגע אָרעמע דינאַ דאָרף! ס׳טהוט מיר מורא׳דיג לייד פֿאַר איהר.

מאַדאַם רומעל. נו, פֿאַר איהר איז דאָס גראָד געוועזען אַ וואַה-רעס גליק, וואָס עס האָט זיך אַזוי געמאַכט. בערעכענט זיך נור, וואָס וואָלט פֿון איהר געוואָרען, ווען זי בלייבט ביי איהרע עלטערן אין די הענד! מיר האָבען זיך נאַטירליך אַלע אָנגענומען פֿאַר איהר און זי ערצויגען אַזוי גוט ווי מיר האָבען געקענט. דערנאָך האָט עס פֿרייליין בערניק גע׳פּועל׳ט, מען זאָל איהר אַריינגעהמען דאָ אין הויז.

מאַדאַם האָלט. אָבער ס׳איז דאָך אימער געוועזען אַ שווערע גע-שיכטע מיט איהר עפעס צו מאַכען. פֿערשטעהט זיך—די אַלע שלעכטע ביישפּיעלען, וואָס זי האָט געהאַט! אַזאַ מין מיידעל איז דאָך ניט אַזוי ווי אונזערע קינדער...

מאַדאַם רומעל. שש—אָט געהט זי! (הויך.) יאָ, אָט די דינאַ איז בנאמנות אַ וואויל מיידעל... זעה, דו ביסט גאָר דאָ, דינאַ?

מאַדאַם האָלט. אַך, ווי שעהן דיין קאַפֿע שמעקט, דינאַ טהייערע! אַזאַ טאַסע קאַפֿע פֿאַרמיטאָג—

מאַדאַם בערניק (אויף די גאָרטען-טרעפ). זייט אַזוי גוט, מיינע דאַמען! (פֿרייליין בערניק און דינאַ האָבען דערווייל געהאָלפֿען דער דיענסט-מיידעל אַרויסטראָגען די קאַפֿע-כלים. אַלע דאַמען זעצען זיך אוים אויף דרויסען; זיי ריידען זעהר פֿריינדליך מיט איהר. אין אַ ווײַלע אַרום קומט זי אַריין אין זאַאַל און זוכט איהר האַנד-אַרבייט.)

מאַדאַם בערניק (אויף דרויסען ביים קאַפֿע-טיש). דינאַ, דו קימסט גאָרניט אַרויס—?

דינאַ. ניין, אַ דאַנק. (זי זעצט זיך צו איהר געגעה. מאַדאַם בער-

ניק און דער וויצע-פרעזידענט וואַרפֿען זיך דורך מיט עטליכע ווערטער; אין אַ ווײַלע אַרום קומט ער אַרײַן אין זאַאַל.)

ראָהרלאַנד (מאַכט זיך, אַזוי ווי ער וואָלט עפּעס געהאַט צו טהאָן ביים טיש און זאָגט מיט אַ האַלב פֿערדריקטען טאָן): דינאַ.

דינאַ, נו?

ראָהרלאַנד. פֿאַרוואָס ווילט איהר ניט אַרויסגעהן אויף דרויסען?

דינאַ. בשעת איך בין אַרײַנגעקומען מיט'ן קאַפֿע, האָב איך גע-קענט דערקענען ביי דער פֿרעמדער דאַמע אויף'ן פנים, אַז זיי האָבען גערעדט וועגען מיר.

ראָהרלאַנד. און האָט איהר דען אויך ניט געזעהן, ווי פֿריינד-ליך זי איז געוועזען צו אייך?

דינאַ. אָבער דאָס טאַקי קען איך ניט ליידען!

ראָהרלאַנד. איהר זייט אַן אייגנגע'עקשן'טע, דינאַ.

דינאַ. יאָ.

ראָהרלאַנד. אָבער פֿאַרוואָס פֿאָרט?

דינאַ. אָט אַזוי בין איך שוין. וואָס קען איך טהאָן?

ראָהרלאַנד. וואָלט איהר ניט געקענט סטאַרען זיך אַנדערש ווערן?

דינאַ. ניין.

ראָהרלאַנד. פֿאַרוואָס ניט?

דינאַ (אַ קוק טהאָנדיג אויף איהם). איך געהער דאָך צו די געפֿאַלענע, צו די מאָראַליש פֿערדאָרבענע.

ראָהרלאַד. פֿע, דינאַ!

דינאַ. מיין מוטער האָט אויך געהערט צו די מאָראַליש פֿער-דאָרבענע.

ראָהרלאַד. ווער האָט מיט אייך גערעדט וועגען אַזעלכע זאַכען?

דינאַ, קיינער ניט; מען רעדט ניט מיט מיר. פֿאַרוואָס טהוט מען עס ניט? אַלע געהען אַרום אַזוי פֿאָרזיכטיג אַרום מיר, אָקוראַט ווי זיי וואָלטען מורא געהאַט איך זאָל חלילה ניט צובראָכען ווערן, ווען... אָה, ווי פֿיינט איך האָב דאָס אָט די גאַנצע גוטהערציגקייט!

ראָהרלאַנד. מיין ליעבע דינאַ, כ'פֿערשטעה גאַנץ גוט, אַז איהר פֿיהלט זיך דאָ געדריקט, נאָר—

דינאַ. יאָ, ווען איך וואָלט נור געקענט אַוועק ווייט, ווייט פֿון דאַנעט! כ'וואָלט שוין יאַקאָש אַליין געקענט בעשטעהן מיין שטע-טעל,—אַז איך וואָלט נור ניט געלעבט צווישען מענישען, וואָס זיינען אַזוי—אַזוי—

ראָהרלאַנד. וואָס זיינען אַזוי?

דינאַ. וואָס זיינען אַזוי אַנשטענדיג און מאָראַליש.

ראָהרלאַנד. אָבער דינאַ,—וואָס מיינט איהר דערמיט?

דינאַ. אָה, איהר ווייסט גאַנץ גוט וואָס איך מיין דערמיט. טאָג פאַר טאָג קומען זיי אַהער, פריילינן רומעל און נעטאַ האָלט כדי איך זאָל האָבען פון וועמען זיך אָבצולערנען, ווי אַזוי זיך אויפצופיהרען. אַזוי גוט ערצויגען ווי די קען איך קיינמאָל ניט ווערן. און איך וויל עס גאָרנישט! אָה, וואָלט איך נור געווען ווייט, ווייט אַוועק,—דאַן וואָלט איך שוין געוואָרען בראַוו.

ראָהרלאַנד. איהר זייט דאָך שוין בראַוו, ליעבע דינאַ.

דינאַ. וואָס נוצט עס מיר דאָ?

ראָהרלאַנד. אַלזאָ אַוועקפאָהרען... טראַכט איהר ווירקליך ערנסט דערפון?

דינאַ. איך וואָלט דאָ קיין טאָג ניט געבליבען, ווען איהר וואָלט ניט געווען.

ראָהרלאַנד. זאָגט מיר אָקאָרשט, דינאַ,—פאַרוואָס ווילט איהר אַזוי גערן זיין מיט מיר צוזאַמען?

דינאַ. ווייל איהר לערנט מיך אַזוי פיעל שעהנעס?

ראָהרלאַנד. שעהנעס? רופט איהר דאָס, וואָס איך לערן אייך, שעהנעס?

דינאַ. יאָ. אָדער בעסער געזאָגט.. לערנען לערנט איהר מיך גאָר-ניט; אָבער אַז איך הער אייך ריידען, דוכט זיך מיר עפּעס, אָקוראַט ווי איך וואָלט געווען אַרומגערינגעלט פון אַזוי פיעל שעהנעס...

ראָהרלאַנד. וואָס מיינט איהר אייגענטליך דערמיט: עפּעס שעהנעס?

דינאַ. כ'האָב קיינמאָל ניט אַ טראַכט געטהאָן וועגען דעם.

ראָהרלאַנד. טאָ טהוט אַצונד אַ טראַכט מכח דעם. וואָס הייסט ביי אייך עפּעס שעהנעס?

דינאַ. עפּעס שעהנעס... דאָס איז.. דאָס וואָס איז גרויסאַרטיג— און ווייט אַוועק פון דאַנעט!

ראָהרלאַנד. הם.—דינאַ טהייערע, כ'בין אַזוי שטאַרק פערזאָרגט וועגען אייך.

דינאַ. דאָס אַלעס? ווייטער גאָרנישט?

ראָהרלאַנד. איהר ווייסט דאָך ווי זעהר טהייער איהר זייט מיר.

דינאַ. אַז איך וואָלט געווען הילדאַ אָדער נעטאַ, וואָלט איהר ניט געווען אַזוי שטאַרק פערזאָרגט, אימיצער וואָלט עס נאָך חלילה געקענט בעמערקען.

ראָהרלאַנד. אָה דינאַ, ווי קענט איהר אַזוי אַוועקמאַכען מיט דער האַנד די טויזענדער סבות... אַז אַ מענש האָט די אויפגאַבע צו זיין די מאָראַלישע „שטיצע" פון דער געזעלשאַפט, אין וועלכער ער לעבט —נאַ, איז דאָך גאָר קיין שיעור און קיין ערך ניטאָ ווי פאָרזיכטיג ער

דאַרף זיין... אַז איך וואָלט נור געוואוסט איִיף זיכער, אַז מען וועט עס ניט שלעכט אויסטייטשען... נאָר ס'מאַכט ניט אויס: איהר זאָלט און מוזט געהאָלפען ווערן!... דינאַ, אַשטייגער ווען איך זאָג—ווען די פערהעלטניסע זאָלען מיר ערלויבען אייך זאָגען: אָט האָט איהר מיין האַנד,—וועט איהר זי דאַן אָנגעהמען און ווערן מיין פרוי?— זאָגט איהר מיר דאָס צו, דינאַ?

דינאַ. יאָ.

ראָהרלאַנד. אַ דאַנק! אַ דאַנק! מחמת אויך איך... אָה דינאַ, איהר זייט מיר אַזוי טהייער... שש! אימיצער קומט... דינאַ, כ'בעט אייך, טהוט עס מיר צוליעב,—געהט אַרויס צו זיי אויף דרויסען. (זי געהט אַרויס צו דעם קאַפע-טיש. אין דערזעלבער רגע קומען אַרויס פון פאָדערשטען צימער לינקס רומעל, אַלטסטעדט און וויגעלאַנד, נאָך זיי בערניק מיט אַ פּאַק פּאַפּירען אין דער האַנד.)

בערניק. די זאַך איז אַלזאָ אָבגעמאַכט...

וויגעלאַנד. נו, אין גאָט'ס נאָמען...

רומעל. אָבגעמאַכט, בערניק! אַ מאַן, אַ וואָרט!

בערניק. און קיינער טרעט ניט צוריק, וואָס פאַר שוועריגקייטען און געגנער מיר זאָלען ניט האָבען.

רומעל. מיר שטעהען און פאַלען אינאיינעם, בערניק!

הילמאַר (צוקומענדיג צו דער גאָרטען-טהיר). פאַלען? פערצייהט, וואָס פאַלט עס דאָרט ביי אייך? ניט די אייזענבאַהן?

בערניק. ניין, אדרבה; זי זאָל ערשט אָנהויבען געהן—

רומעל. —מיט דאַמפּף, הערר טענעסען!

הילמאַר (צוקומענדיג נעהנטער). אַזוי גאָר?

ראָהרלאַנד. וואָס, די אייזענבאַהן?

מאַדאַם בערניק (אין דער גאָרטען-טהיר). ליעבער ריכאַרד, וואָס טהוט זיך דאָ אַזוינס—?

בערניק. אַך, ליעבע בעטטי, וואָס קען דאָס דיך דען אינטערעסירען? (צו די דריי הערען.) אָבער אַצונד מוזען מיר אויסשטעלען די ליסטען,—וואָס פריהער, אַלץ בעסער. פערשטעהט זיך פון זיך אַליין, אַז מיר פיער וועלען חתמ'ענען אונזערע נעמען צוערשט. אונזער מעמד אין דער געזעלשאַפט מאַכט עס פאַר אונזער חוב, צו טהאָן אַזוי פיעל ווי נור מעגליך—

אַלטסטעדט. פערשטעהט זיך, הערר קאָנזול.

רומעל. עס מוז געהן, בערניק!

בערניק. אָה, פאַר דעם ערפאָלג דאגה איך זיך גאָרניט. מיר מוזען זיך סטאַרען צו ווירקען פאַר דער זאַך, יעדער איינער צווישען זיינע אייגענע בעקאַנטע; און אַז מיר וועלען נור קענען אויפוועקען אַ

לעבעדיגען אינטערעס דערפֿאַר אין אַלע טהיילען פֿון דער געזעלשאַפֿט, דאַן וועט די שטאָדט אַליין, פֿערשטעהט זיך, אויך בייטראָגען דאָס איהריגע.

מ א ד א ם  ב ע ר נ י ק. אָבער ריכאַרד, טאָמער וואָלסט דו פֿאָרט אַרויס דערמיט און אונז דערצעהלט—

ב ע ר נ י ק. אַך, ליעבע בעטטי, דאָס איז כ׳לעבען נישט קיין עסק פֿאַר דאַמען.

ה י ל מ א ר. דו ווילסט, הייסט עס, ווירקליך זיך פֿערנעהמען מיט דער אייזענבאַהן-געשיכטע ?

ב ע ר נ י ק. פֿערשטעהט זיך.

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. אָבער פֿאַר-אַ-יאָהרען, הערר קאָנזול—

ב ע ר נ י ק. פֿאַר-אַ-יאָהרען איז געווען אַ גאַנץ אַנדער זאַך. דעמאָלט האָט זיך עס געהאַנדעלט מכח אַ ליניע ביים ברעג וואַסער—

ו י ג ע ל אַ נ ד. —וואָס וואָלט לחלוטין איבעריג געווען; מחמת מיר האָבען דאָך דאַמפּף-שיפֿען—

אַ ל ט ס ט ע ד ט. —און וועלכע האָבען אונז אָבגעקאָסט אַן אוצר מיט געלד.

ר ו מ ע ל. —יאָ, און אַחוץ דעם וואָלט זי טאַקי געשעדיגט די אינ-טערעסען דאָ אין אונזער שטאָדט.

ב ע ר נ י ק. דער עיקר איז געווען דאָס, וואָס זי וואָלט קיין שום נוצען ניט געבראַכט דעם כלל, דער גרויסער געזעלשאַפֿט. מחמת דעם בין איך געווען דאַגעגען, און ס׳איז געבליבען צו נעהמען די אינע-וויינינגסטע ליניע.

ה י ל מ א ר. אָבער די גרענעצט זיך דאָך גאָרניט מיט די שטעדט פֿון אונזער געגענד.

ב ע ר נ י ק. מיט א ו נ ז ע ר שטאָדט וועט זי זיך שוין יאָ גרענעצען, מיין ליעבער הילמאַר, מחמת מיר מאַכען אַ צווייג-ליניע.

ה י ל מ אַ ר. אַהאַ! גאָר אַ נייער פלאַן, הייסט עס.

ר ו מ ע ל. און וואָס פֿאַר אַ גרויסאַרטיגער פלאַן,—הע ?

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. הם—

ו ו י ג ע ל אַ נ ד. ס׳איז ניט צו לייקענען, אַז די השגחה האָט דאָס דאָזיגע שטיק ערד עפּעס אַזוי ווי אייגענס בעשאַפֿען פֿאַר אַ צווייג-ליניע.

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. איהר מיינט טאַקי אַזוי, הערר וויגעלאַנד ?

ב ע ר נ י ק. יאָ, כ׳מוז מודה זיין, אויך איך האַלט עס פֿאַר אַן „אצבע אלהים״, פֿאַר אַ וואונק פֿון אויבען, דאָס וואָס איך בין היינ-טיגען פֿריהלינג גראָד דורכגעפֿאָהרען די געגענד און אַזוי צופֿעליג בין איך אָנגעקומען אין אַ טהאָל, וואו איך בין פֿריהער קיינמאָל ניט

געוועז. אַזוי ווי אַ בליץ איז מיר דורך אַ געדאַנק אין מוח: אָט דאָ קען מען לייגען אַ צווייג-ליניע! כ'האָב אַריבערגעשיקט אַהין אַן אינזשעניר, ער זאָל בעקוקען די געגענד; און דאָ האָב איך דעם פּלאַן און די דערוויילינע אויסרעכנונגען; ס'שטעהט גאָרנישט אין וועג.

מ א ד א ם ב ע ר נ י ק (שטעהענדיג מיט די אַנדערע דאַמען אין דער גאָרטען טהיר). אָבער, ליעבער ריכאַרד, פאַרוואָס האָסט דו דאָס אַלעס געהאַלטען אַזוי בסוד פאַר אונז?

ב ע ר נ י ק. די הויפּט טיילען פון דעם פּלאַן וואָלט איהר דאָך סיי ווי סיי ניט געקענט בעגרייפען. אַחוץ דעם האָב איך ביז היינט מיט קיין לעבעדיגען וועזען מכח דעם קיין וואָרט ניט אויסגערעדט. אָבער אַצונד איז געקומען דער ענטשיידענדער מאָמענט; איצט מוז מען אָפּען און מיט אַלע כוחות זיך נעהמען דערצו.

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. ער־וואַרטעט איהר דען טאַקי אַזוי פיעל פון דער דאָזיגער אונטערנעהמונג, מיינע העררען?

ב ע ר נ י ק. פערשטעהט זיך, אַז מיר ערוואַרטען. וואָס פאַר אַ הויב וועט עס אַביסעל געבען אונזער גאַנצע געזעלשאַפט! בערעכענט פאָרט די גרויסע, געדיכטע וועלדער, צו וועלכע מיר וועלען קענען לייכט צוקומען,—בערעכענט די אַלע רייכע מינען, וואָס וועלען איצט קענען בעאַרבייט ווערן; ווי ס'דאַרף צו זיין, און דעם טייך,—איין וואַסער-פאַל איבער'ן אַנדערן! וואָס פאַר אַן אינדוסטרי קען דאָרט ניט ענטוויקעלט ווערן!

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. און איהר האָט גאָר קיין מורא ניט פאַר אַן אָפּטע פערקעהר מיט אַ פערדאָרבענער דרויסענדיגער וועלט—?

ב ע ר נ י ק. ניין,—איהר קענט זיין גאַנץ רוהיג, הערר וויצע פרעדיגער. אונזער קליינער, בעשעפטיגטער אָרט שטעהט, גאָט צו דאַנקען, אויף אַ געזונדען מאָראַלישען באָדען; מיר האָבען דאָך אַלע געהאָלפען איהם אויסטריקענען, אויב איך מעג זיך אַזוי אויסדריקען; און דאָס וועלען מיר אויך ווייטער טהאָן, יעדער איינער אויף זיין אופן. איהר, הערר וויצע-פרעדיגער, געהט אַקאָרשט ווייטער אָן מיט אייער גוטער טהעטיגקייט אין דער שולע און אין דער פאַמיליע. מיר, די מענער פון דער פּראַקטישער אַרבייט, שטיצען די געזעלשאַפט דערמיט, וואָס מיר פערשפּרייטען דאָס גליק און וואָהל-זיין אַזוי ווייט ווי נור מעגליך;—און די פרויען אונזערע,—יאָ, קומט אַקאָרשט צו אַביסעל נעהנטער, מיינע דאַמען—; אונזערע פרויען, זאָג איך, אונזערע פרויען און טעכטער,—נו יאָ, אַרבייט נאָר ווייטער אונגעשטער-טערהייט, מיינע דאַמען, אין אייערע צדקה-זאַכען, און זייט אויך פאַר די אייעריגע אַ הילף און אַ שטיצע,—אַזוי ווי מיין טהייערע בעטטי און מאַרטהאַ זיינען עס פאַר מיר און אָלאַף—(קוקט זיך אום.) יאָ, וואו איז ערגעץ אָלאַף היינט?

מ אַ ד אַ ם  ב ע ר נ י ק. אַך, אַצונד אין דער וואַקאַנס-צייט איז איינ-פאַך ניט מעגליך איהם צו האַלטען אין הויז.

ב ע ר נ י ק. דאַן איז ער אודאי שוין ווידער אונטען ביים וואַסער! דו וועסט זעהן, ס'וועט זיך נאָך חלילה ענדיגען מיט אַן אונגליק!

ה י ל מ אַ ר. עט—א שטיקעל שפיעל מיט די נאַטור-קרעפטען—

מ אַ ד אַ ם  ר ו מ ע ל. ווי שעהן דאָס איז פון אייך, וואָס איהר האָט די פאַמיליע אַזוי פיעל אין זינען!

ב ע ר נ י ק. נו, די פאַמיליע איז דאָך דאָס קערנדעל פון דער געזעלשאַפט. אַ גוטע היים, געטרייע פריינד, אַ קליינער ענג-געשלאָ-סענער קרייז, וואו קיין שום שטערנדע עלעמענטען וואַרפען ניט זייער שאָטען—

ק ר אַ פ קומט מיט בריעף און צייטונגען פון רעכטס.

ק ר אַ פ. די אויסלענדישע פאָסט, הערר קאָנזול; און אַ טעלע-גראַמע פון נויאָרק.

ב ע ר נ י ק (נעהמט עס). אַה, פון די בעלי בתים פון דער „גאַזעלע“.

ר ו מ ע ל. אַזוי, די פאָסט איז אָנגעקומען? יאָ, דאַן מוז איך געהן.

ו ו י ג ע ל אַ נ ד. איך אויך.

אַ ל ט ס ט ע ד ט. אַדיע, הערר קאָנזול.

ב ע ר נ י ק. אַדיע, אַדיע, מיינע העררען. און פערגעסט אַקאָרשט ניט, אַז מיר האָבען נאָך היינט אַרום פינף אַזייגער אַ בעראַטהונג.

ד י  ד ר י י  ה ע ר ר ע ן. יאָ; נו יאָ; פערשטעהט זיך. (זיי געהען אַרויס רעכטס.)

ב ע ר נ י ק (איבערלעזענדיג די טעלעגראַמע). נאַ, דאָס איז באמת עכט אַמעריקאַניש! שרעקליך, בנאמנות—

מ אַ ד אַ ם  ב ע ר נ י ק. גאָט איז מיט דיר, ריכאַרד, וואָס איז דאָרט אַזוינס?

ב ע ר נ י ק. גיט אַ קוק, הערר קראַפ; לייענט נור איבער!

ק ר אַ פ (לייענט): „וואָס וועניגער רעפאַראַטורען. שיקט אַרויס די „גאַזעלע“ אַזוי שנעל ווי מעגליך. גוטע צייט פון יאָהר; וועט על פי נויטה קענען שווימען אויף דער לאַדונג.“— נאַ, דאָס הייסט אַביסעל—

ב ע ר נ י ק. וועט קענען שווימען אויף דער לאַדונג! די לייט ווייסען גאַנץ גוט, אַז דאָס שיף וועט אַראָב מיט דער לאַדונג אינאיינעם אַזוי ווי אַ שטיין, אַז עפעס זאָל נור טרעפען.

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. יאָ, דאָ זעהט מען טאַקי, ווי ס'זעהט אויס אין דער דאָזיגער געבענשטער גרויסער געזעלשאַפט.

ב ע ר נ י ק. דאָ זייט איהר גערעכט. קיין שום איינזעהעניש האָבען זיי ניט אפילו פאַר דעם מענשליכען לעבען, ווי באַלד ס'געהט נור וועגען פראָפיט. (צו קראַפ.) ווי מיינט איהר, וועט די „גאַזעלע“ קענען אָב-פאָהרען אין פיער, פינף טעג אַרום?

קראַפּ. יאָ—ס׳הייסט, אויב הערר וויגעלאַנד וועט גאָרנישט האָבען דאַגעגען, מיר זאָלען פאַר דער צייט אָבשטעלען די אַרבייט ביי דעם „טייטעל-בוים".

בערניק. הם, דאָס וועט ער ניט ערלויבען. נו... זייט אַזוי גוט און קוקט דורך די פּאָסט... הערט, האָט איהר ניט אקאָרשט בעגעגענט אָלאַף׳ן אונטען ביים האַפען?

קראַפּ. ניין, הערר קאָנזול. (ער געהט אַריין אין פאָדערשטען צימער לינקס.)

בערניק (קוקט נאָך אַמאָל דורך די טעלעגראַמע). ריזיקירען מיט אַכצעהן מענשען-לעבענס, און די לייט זאָלען זיך דאָס דערביי כאָטש אַ קרים געבען—

הילמאַר. הערסטו, דערצו איז מען דאָך אַ מאַטראָז, זיך צו רייצען מיט די נאַטור-קרעפטען; ס׳מוז ליגען עטוואָס אויפרעגענדעס דעריין צו זיין אָבגעטיילט מיט אַ דינער מחיצה פון אָבגרונד—

בערניק. יאָ, כ׳וואָלט געוואָלט זעהן דאָ דעם בעל הבית פון אַ שיף, וואָס זאָל קענען אַזוי וואָס פועל׳ן ביי זיך! ניט איינער, ניט קיין איין איינציגער—(דערזעהט אָלאַף׳ן.) גאָט צו דאַנקען, אָט איז ער דאָ, און געזונד ווי אימער! (אָלאַף, מיט אַן אַנגעל-שנור אין האַנד, לויפט אַרויף די גאַס און קומט אַריין דורך דער גאָרטען-טהיר.)

אָלאַף (נאָך אין גאָרטען). פעטער הילמאַר, כ׳בין געוועזן אונטען און איך האָב געזעהן דאָס דאַמפף-שיף.

בערניק. ביסט שוין ווידער געוועזן ביים האַפען?

אָלאַף. ניין, כ׳בין נור געוועזן אין אַ קליין שיפעל. אָבער דו ווייסט, פעטער הילמאַר, אַ גאַנצע צירק-קאָמפּאַניע איז אָנגעקומען מיט פערד און ווילדע חיות; און אַזוי פיעל פּאַסאַזשירען—!

מאַדאַם רומעל. אָה! מיר וועלען גאָר האָבען אַ צירק דאָ?

ראָהרלאַנד. מיר? כ׳האָף, אַז ניט.

מאַדאַם רומעל. ניין, מיר נאַטיורליך ניט, אָבער—

דינאַ. כ׳וואָלט אַזוי גערן געוואָלט אַמאָל זעהן אַ צירק.

אָלאַף. יאָ, איך אויך.

הילמאַר. דו ביסט אַ בהמה. וואָס איז דאָ פאַרהאַן וואָס צו זעהן? גאָרנישט, ס׳איז מעהר ניט ווי נאָכגעקרימט זיך! זעהסט דו, ס׳איז ווערטה אַמאָל צו זעהן ווי דער גאַוכאָ יאָגט זיך אויף זיין סאָפּעדיגען מוסטאַנג איבער די פּאַמפּאַס, די ברייטע ווייטע פעלדער. אָבער גאָט מיינער, דאָ אין די קליינע שטעטלאַך—

אָלאַף (גיט אַ ציה פרייליין בערניק ביים אַרבעל). מוהמע מאַרטהאַ, זעה, זעה—אָט קומען זיי!

מ אַ ד אַ ם ה אָ ל ט. יאָ, כ׳לעבען, אָט האָבען מיר זיי טאַקי.

מ אַ ד אַ ם ל י נ ג ע ן. אָה, וואָס פֿאַר מיאוס׳ע מענשען!

(אַ מחנה פּאַסאַזשירען און אַ גאַנצע מאַסע שטאָדט-רייט קומען אַרויף די גאַס.)

מ אַ ד אַ ם ר ו מ ע ל. יאָ, אָט ד י שוואַרץ-קינסטלער ווייזען אויס צו זיין פֿון דעם ריכטיגען סאָרט. זעהט נאָר די מיט׳ן גראָען קלייד, מאַדאַם האָלט; זי טראָגט דעם רייזע-זאַק איהרען אויף׳ן רוקען.

מ אַ ד אַ ם ה אָ ל ט. ריכטיג... און דערצו נאָך אויף׳ן פּאַראַסאָל! דאָס איז, פֿערשטעהט זיך, דעם דירעקטאָר׳ס ווייב.

מ אַ ד אַ ם ר ו מ ע ל. און אָט איז דער דירעקטאָר אַליין... דער מיט׳ן באָרד. אָה, דער זעהט אויס אָקוראַט ווי אַ רויבער, קוק ניט אַהין, הילדאַ.

מ אַ ד אַ ם ה אָ ל ט. דו אויך ניט, נעטטאַ!

אָ ל אַ ף. מאַמאַ, זעה נאָר, דער דירעקטאָר פֿערנייגט זיך פֿאַר אונז.

ב ע ר נ י ק. וואָס טהוט ער?

מ אַ ד אַ ם ב ע ר נ י ק. וואָס זאָגסט דו, קינד?

מ אַ ד אַ ם ר ו מ ע ל. יאָ, כ׳לעבען, אָט פֿערנייגט זיך די פֿרוי אויך!

ב ע ר נ י ק. אָבער ד אָ ס איז דאָךווירקליך אונפֿערשעהמט!

פֿ ר י י ל י י ן ב ע ר נ י ק (מיט אַ פלעצליכען אויסרוף). אַה—!

מ אַ ד אַ ם ב ע ר נ י ק. וואָס איז מאַרטהאַ?

פֿ ר י י ל י י ן ב ע ר נ י ק. אָה גאָרנישט, גאָרנישט! כ׳האָב נור גע-מיינט—

אָ ל אַ ף (צושרייט זיך מיט פֿרייד). זעה, זעה, אָן קומען די אַנדערע מיט די פֿערד און די ווילדע חיות! און אָט זיינען אויך די אַמעריקאַ-נער! און אַלע מאַטראָזען פֿון דער „גאַזעלע״— (מען הערט דעם „יענקי דודל״, בעגלייט פֿון אַ פויק מיט אַ קלאַרינעט.)

ה י ל מ אַ ר (פֿערשטעלט זיך די אויערן). אוף, אוף, אוף!

ר אָ ה ר ל אַ ד. כ׳מיין, מיינע דאַמען, מיר זאָלען אַוועקגעהן פֿון דאַנעט אויף אַ ווילע; דאָס דאָ איז נישט פֿאַר אונז. לאָמיר זיך נעה-מען צוריק צו אונזער אַרבייט.

מ אַ ד אַ ם ב ע ר נ י ק. אפשר וואָלטען מיר גאָר אַרונטערגעלאָזט די פֿאָרהיינגלאַך?

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. יאָ, דאָס האָב איך טאַקי געמיינט. (די דאַמען זעצען זיך אויס ביים טיש. דער וויצע-פּרעדיגער שליסט צו די גאָר-טען-טהיר, ציהט אַרונטער דעם פֿאָרהאַנג איבער איהר און לאָזט אויך אַראָב די פֿאָרהיינגלאַך פֿון די פֿענסטער. ס׳ווערט פֿינסטערלאַך אין סאַלאָן.)

אָ ל אַ ף (כאַפּענדיג אַ קוק אויף דרויסען). מאַמאַ, איצט שטעהט

דעם דירעקטאָר׳ס פרוי ביים פאָנטאַן און וואַשט זיך דאָרט דעם פּנים.

מאדאַם בערניק. וואָס? אין רעכטען מיטען מאַרק!

מאדאַם רומעל. און אין מיטען העלען טאָג!

הילמאַר. נו, אַז איך וואָלט געוואַנדערט אין אַ מדבר און גע־קומען איבער אַ קוואַל, וואָלט איך זיך אסור ניט געשעהמט, צו— אָה, דער פערפלוכטער קלאַרינעט!

ראָהרלאַנד. די פּאָליציי האָט זיך בנאמנות געדאַרפט אַריינמישען און עס ניט דערלאָזען.

בערניק. ווייס איך וואָס! מען טהאָר ניט זיין אַזוי שטריינג מיט אויסלענדער. אָט די לייט האָבען ניט דאָס טיעף איינגעוואָרצעלטע געפיהל פון אַנשטענדיגקייט, וואָס האַלט אונז אין די ריכטיגע גרע־נעצען. זאָלען זיי זיך פיהרען ווי זיי געפעלט; וואָס איז דאָס אונזער דאגה? אָט די גאַנצע אונאָרדנונג, וואָס הויבט זיך אויף אַנטקעגען אַנשטענדיגקייט און גוטע אויפפיהרונג, האָט צום גליק קיין שום שייכות ניט מיט אונזער געזעלשאַפט, אויב איך מעג זיך אַזוי אויס־דריקען.— אָבער וואָס הייסט דאָס? (די פרעמדע דאַמע געהט שנעל אַריין דורך דער טהיר רעכטס.)

די דאַמען (דערשראָקען אָבער שטילערהייט). די צירק־רייטערקע! דעם דירעקטאָר׳ס ווייב!

מאדאַם בערניק. מיין גאָט! וואָס הייסט דאָס אַזוינס?

פרייליין בערניק (אויפשפרינגענדיג). אַה—!

די דאַמע. גוטען טאָג, ליעבע בעטטי! גוטען טאָג, מאַרטהאַ! גוטען טאָג, שוואָגער!

מאדאַם בערניק (מיט אַ געשריי). לאָנאַ—!

בערניק (טהוט אַ טראָט צוריק). אַזוי וואַהר ווי איך לעב—!

מאדאַם האָלט. מיין גאָט אין הימעל—!

מאדאַם רומעל. ס׳איז ניט מעגליך—!

הילמאַר. אוף, אוף!

מאדאַם בערניק. לאָנאַ—! ביסט דו דאָס ווירקליך—?

פרייליין העסעל. צי איך בין דאָס ווירקליך? נו יאָ, אודאי בין איך עס! איהר מעגט גאַנץ דרייסט צוקומען און זיך אַרומכאַפּען מיט מיר.

הילמאַר. אוף, אוף!

מאדאַם בערניק. און דו קומסט אַהער—?

בערניק. —און ווילסט טאַקי אויפטרעטען—?

פרייליין העסעל. אויפטרעטען? וואָס הייסט אויפטרעטען?

בערניק. יאָ, ב׳מיין—אין צירק—

פרייליין העסעל. האַ האַ האַ! וואָס, ביסט דו פערריקט,

שוואַגער ? דו מיינסט, איך בין איינע פֿון די צירק-לייט ? ניין ; ס׳איז אמת, אַז איך האָב אַסך זאַכען געטהאָן און זיך מעהר ווי איינמאָל לע-כערליך געמאַכט—

מאַדאַם רומעל. הם—

פֿריילײן העסעל. —אָבער אויף פֿערד האָב איך נאָך קיינמאָל קיין קונץ-שטיק ניט בעוויזען.

בערניק. ביסט דו, הייסט עס, ניט—?

מאַדאַם בערניק. אָה, גאָט צו דאַנקען !

פֿריילײן העסעל. ניין, מיר זיינען געפֿאָהרען ווי אַלע אַנדערע אָנשטענדיגע לייט—ס׳איז אמת, אין צווייטער קלאַסע, אָבער מיר זיינען געוועהנט דערצו.

מאַדאַם בערניק. מיר, זאָגסט דו ?

בערניק (צוגעהענדיג אַ טריט נעהנטער). וואָס פֿאַר אַ מיר ?

פֿריילײן העסעל. איך און דאָס קינד, פֿערשטעהט זיך.

די דאַמען (מיט אַ קוויטש). דאָס קינד !

הילמאַר. וואָס !

ראָהרלאַנד. נאַ, דאָס הייסט אַביסעל—!

מאַדאַם בערניק. אָבער וועמען מיינסט דו פֿאָרט דערמיט, לאָנאַ ?

פֿריילײן העסעל. פֿערשטעהט זיך, אַז איך מיין דזשאָהן׳ן ; כ׳האָב דאָך ניט קיין אַנדער קינד נאָר דזשאָהן—אָדער יאָהאַן, ווי איהר רופֿט איהם דאָ.

מאַדאַם בערניק. יאָהאַן—

מאַדאַם רומעל (שטילערהייט צו מאַדאַם לינגעו). דער צוגרונד געגאַנגענער ברודער !

בערניק (מיט אַ האַלבען מויל). יאָהאַן איז, הייסט עס, אויך געקומען ?

פֿריילײן העסעל. אודאי ; אָהן איהם וואָלט איך דאָך ניט געפֿאָהרען. אָבער האָט איהר מיר אַלע אַזעלכע פֿערזומערטע פנים׳ער ! און עפעס זיצט איהר מיר דאָ אין האַ־ב דונקעל און נעהט עפעס ווייסע זאַכען. ס׳איז דאָך קיינער ניט געשטאָרבען אין דער פֿאַמיליע ?

ראָהרלאַנד. מיין פֿריילײן, איהר געפינט זיך דאָ אין דעם פֿער-איין פֿאַר די מאָראַליש פֿערדאָרבענע—

פֿריילײן העסעל (מיט אַ נידריגען טאָן). וואָס זאָגט איהר ? אָט די פֿיינע דאַמען זיינען גאָר—?

מאַדאַם רומעל. ניין, דאָס איז ווירקליך צופֿיעל !

פֿריילײן העסעל. אַה, כ׳פֿערשטעה, כ׳פֿערשטעה ! אָבער צו׳ן

אַלדע גוטע יאָהר, דאַס איז דאָך מאַדאַם רומעל! און דאָ זיצט דאָך אויך מאַדאַט האָלט! נאַ, מיר דריי זיינען על כל פנים ניט יונגער געוואָרען, זינט מיר האָבען זיך געזעהן דאָס לעצטע מאָל... אָבער הערט אַקוֹרשט, איהר ליעבע לייט, לאָזט די מאָראַליש פֿערדאָרבענע וואַרטען נאָך אַ טאָג;—זיי וועלען אסור ערגער ווערן אין דער צייט. אַזאַ פֿרעהליכער מאָמענט ווי דער דאָזיגער—

ראָהרלאַנד. ניט תמיד איז דאָס צוריקקומען אַהיים אַ פֿרעהליכער מאָמענט.

פֿריילײן העסעל. אַזוי גאָר? ווי אַזוי פֿערשטעהט איהר פֿאָרט אייער ביבעל, פּאַסטאָר?

ראָהרלאַנד. איך בין ניט קיין פּאַסטאָר.

פֿריילײן העסעל. נו, טאָ וועט איהר עס נאָך אודאי ווערן אמאָל.— אָבער פּע, פּע,—אָט דער מאָראַלישער לייווענד גיט אָב פֿון זיך מיט אַזאַ מין פֿערדאָרבענעם ריח,—אָקוראַט ווי תכריכים. איך בין געוועהנט צו דער פֿרישע לופֿט פֿון די סטעפּעס...

בערניק (זיך אָבווישענדיג דעם שטערן). יאָ, ס׳איז דאָ טאַקי אַביסעל צו שווער די לופֿט.

פֿריילין העסעל. וואַרט, וואַרט אַקאָרשט; מיר מוזען אַרויס פֿון דעם דאָזיגען קבר. (ציהט אַרויף די פֿאָרהיינגלאַך.) העל און ליכטיג מוז דאָ זיין אין צימער, ווען מיין יונג וועט קומען. יאָ, דאָ וועט איהר זעהן אַ יונג, וועלכער האָט זיך אַרומגעוואַשען—

הילמאַר. אוּף, אוּף!

פֿריילײן העסעל (אויפֿעפֿנענדיג די טהיר אין פֿענסטער). דאָס הייסט, נאָכדעם ווי ער וועט זיך אַרומוואַשען אין האָטעל; מתמת אויף׳ן דאַמפֿף-שיף ווערט מען קויטיג ווי אַ קוימען-קעהרער.

הילמאַר. אוּף, אוּף!

פֿריילײן העסעל. אוּף, אוּף? אַה, ביי מיין וואָרט,—איז דאָס ניט—! (ווייזט אויף הילמאַר׳ן און פֿרעגט די אַנדערע.) וואָס זשע, אָט דער שלייעט זיך נאָך אַלץ אַרום דאָ און זאָגט נאָך אַלץ „אוּף, אוּף"?

הילמאַר. איך שלייע זיך ניט אַרום; כ׳געפֿין זיך דאָ צוליעב מיין שוואַכען געזונד.

ראָהרלאַנד. הם, מיינע דאַמען, כ׳מיין, אַז—

פֿריילײן העסעל (דערזעהענדיג אָלאַף׳ן). דאָס איז דיינער, בעטטי? גיב אַהער אַ האַנד, דו קליינער דו! אָדער האָסט דו מורא פֿאַר דיין מיאוס׳ער אַלטער מוהמע?

ראָהרלאַנד (נעהמענדיג זיין בוך אונטערן אָרים). מיינע דאַמען, ב׳מיין, אַז ס׳איז עפּעס ניט אַזוי ווי געוואונשען היינט ווייטער אָנצו-

געהן מיט אונזער אַרבייט. אָבער מאָרגען קומען מיר דאָך ווידער־צואַמען ?

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל (אין דער צייט וואָס די פֿרעמדע דאַמען שטעהען אויף אַוועקצוגעהן). יאָ, לאָמיר זיך ווידער צוזאַמענקומען. איך וועל זיין אויף מיין פלאַץ.

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. א י ה ר ? פֿערצייהט, מיין פֿרייליין, וואָס ווילט איהר דען טהאָן ביי א ו נ ז אין פֿעראיין ?

פֿ ר י י ל י ן ה ע ס ע ל. איהם אויסלופֿטערן, הערר פאַסטאָר !





# צווייטער אקט.

---

## גאָרטען־סאַלאָן ביי קאָנזול־בערניק אין הייז.

מאַדאַם בערניק זיצט מיט אַ נעה-אַרבייט אַליין ביים אַרבייטס-טיש. אין אַ ווײַלע אַרום קומט פֿון רעכטסאַרײַן קאָנזול בערניק מיט אַ שטעקען און האַנד-שוה און מיט׳ן הוט אויף׳ן קאָפּ.

מאַדאַם בערניק. דו ביסט שוין צוריק אין דער היים, ריכאַרד ?

בערניק. יאָ, כ׳האָב בעשטעלט אימיצען אַהער.

מאַדאַם בערניק (מיט אַ זיפֿץ). אַך יאָ,—יאָהאַן וועט דאָך אַודאי ווידער קומען.

בערניק. געוויס. (שטעלט אַוועק דעם הוט אויף אַ טיש.) וואו זיינען ערגעץ היינט אַלע דאַמען ?

מאַדאַם בערניק. מאַדאַם רומעל און הילדאַ האָבען קיין צייט ניט.

בערניק. אַזוי ? האָבען געשיקט זאָגען ?

מאַדאַם בערניק. יאָ ; זיי האָבען, הייסט עס, פֿיעל צו טהאָן ביי זיך אין דערהיים !

בערניק. פֿערשטעהט זיך... און די אַנדערע קומען נאַטירליך אויך ניט ?

מאַדאַם בערניק. ניין,—אויך די זיינען היינט געשטערט.

בערניק. דאָס האָבען מיר שוין פֿריהער געקענט פֿערשטעהן. וואו איז ערגעץ אָלאַף ?

מאַדאַם בערניק. כ׳האָב איהם אַרויסגעשיקט אויף אַ ווײַלע מיט דינאַ׳ן.

בערניק. הם... דינאַ... דאָס דאָזיגע לייכטזיניגע מיידעל... דאָס וואָס זי האָט זיך נעכטען גלייך אַריינגעלאָזט אַזוי פֿיעל מיט יאָהאַן׳ן—!

מאַדאַם בערניק. אָבער, ליעבער ריכאַרד, דינאַ, ווייסט דאָך גאָר ניט—

בערניק. אָבער יאָהאַן האָט דאָך לכל הפחות געמעגט האָבען אַזוי פֿיעל טאַקט, איהר ניט צו ווייזען קיין אויפֿמערקזאַמקייט. ווען דו וואָלסט געזעהן, וואָס פֿאַר אַ פּאָר אויגען קויפֿמאַן ווײַגעלאַנד האָט דאָס אַביסעל אויסגעשטעלט !

מאַדאַם בערניק (אַנידערלייגענדיג די נעה-אַרבייט ביי זיך אין שויס). ריבאַרד, דו ווייסט ניט, וואָס זיי האָבען דאָ צו טהאָן אין דער אַלטער היים?

בערניק. הם; ער האָט אַ פֿאַרם דאָרט, מיט וועלכער ס'געהט איהם אַפּנים ניט אַם בעסטען; און דו האָסט דאָך געהערט, ווי זי האָט געגעבען אָנצוהערען, אַז זיי האָבען ניט געקענט פֿאָהרען ערשטע קלאַסע—

מאַדאַם בערניק. יאָ, ס'מוז אודאי זיין אַזוי וואָס. אָבער דאָס וואָס זי איז מיטגעקומען. זי! נאָך יענער בלוטיגער חרפה, וואָס זי האָט דיר אָנגעטהאָן—!

בערניק. אַך, ניט טראַכט מעהר פֿון אָט די אַלע אַלטע געשיכטען.

מאַדאַם בערניק. ווי קען איך איצט טראַכטען פֿון עפּעס אַנדערש? ער איז דאָך פֿאָרט מיין ברודער... יאָ, שוין ניט פֿון זיינעטוועגען... אָבער די אַלע אונאַנגענעהמליכקייטען, דאָס גאַנצע עגמת נפש, וואָס דאָס וועט דיר פֿערשאַפֿען... ריכאַרד, מיר איז אַזוי מורא'דיג שלעכט אויף'ן האַרצען... כ'האָב מורא—

בערניק. מורא פֿאַרוואָס?

מאַדאַם בערניק. קען ווי ניט איינפֿאַלען אַשטייגער, איהם צו אַרעסטירען וועגען דאָס געלד, וואָס האָט דעמאָלט געפֿעהלט ביי דיין מוטער אין קאַסע?

בערניק. ווייס איך וואָס, דומהייטען! ווער קען דאָס בעווייזען, אַז מען האָט גע'גנב'עט געלד?

מאַדאַם בערניק. גאָט מיינער, דאָס ווייסט דאָך ליידער די גאַנצע שטאָדט; און דו אַליין האָסט דאָך געזאָגט—

בערניק. כ'האָב גאָרנישט געזאָגט. וואָס ווייסט די שטאָדט פֿון אַזעלכע זאַכען! דאָס זיינען אַלץ געוועזען פּוסטע קלאַנגען.

מאַדאַם בערניק. אָה, ווי גוט דו ביסט, ריכאַרד!

בערניק. לאָז מיך צורוה מיט אָט די עראינערונגען, זאָג איך דיר! דו ווייסט ניט, ווי דו מוטשעסט מיך, דערמיט וואָס דו נעהמסט דאָס אַלעס יעדע ווייל ווידער פֿונאַנדער. (ער געהט אַרויף און אַראָב, דערנאָך דערלאַנגט ער אַ וואָרף דעם שטעקען פֿון זיך.) און אויף צו להכעיס איצט זיינען זיי געקומען,—איצט, ווען איך דאַרף אַזוי נייטיג האָבען, מען זאָל ריידען פֿון מיר נור גוטס אי אין דער שטאָדט, אי אין דער פּרעסע. די בלעטער פֿון די נאָהנטע שטעדט וועלען ברייגגען קאָרעספּאָנדענציעס פֿון דאַנעט. צי איך וועל זיי אויפֿנעהמען גוט, צי שלעכט—אַלץ איינס, מען וועט שוין דרעהען און אויסטייטשען דעם עסק, ווי מען וועט וועלען. מען וועט איבער אַ נייעס פֿונאַנדערשאַרען אָט די אַלע אַלטע מעשיות—אָקוראַט ווי דו טהוסט. אין אַ געזעלשאַפֿט ווי אונזערע—(טהוט אַ וואָרף די האַנד-שוה אויף'ן טיש.)

און קיין איינציגען מענשען האָב איך ניט, מיט וועמען זיך דורכצו-ריידען און ביי וועמען איך זאָל קענען זוכען אַ שטיקעל אָנשפּאַר.

מאַדאַם בערניק. גאָר קיינעם ניט, ריכאַרד?

בערניק. ניין,—וועמען פּאָרט, צום ביישפּיעל?—און גראָד אַצונד קו-מען זיי מיר אויף'ן האַלז! קיין ספק ניט, אַז זיי וועלען מאַכען סקאַנדאַלען, אַזוי צי אַזוי,—דער עיקר זו. איז עס דאָ ניט אַן אונגליק צו האָבען אַזעלכע מענשען אין דער משפחה!

מאַדאַם בערניק. יאָ, איך בין ניט שולדיג אין דעם, וואָס—

בערניק. אין וואָס ביסט דו ניט שולדיג? וואָס דו ביסט פערוואַנדט מיט זיי?.. זעהר ריכטיג—אין דעם ביסט דו ניט שולדיג.

מאַדאַם בערניק. און איך האָב זיי אויך ניט געבעטען צוריק צוקומען.

בערניק. זעהסט דו—אָט האָבען מיר עס! איך האָב זיי ניט געבעטען צוריקקומען,—איך האָב זיי ניט געשריבען,—איך האָב זיי ניט געבראַכט צושלעפּען אַהער! אָה, כ'קען דעם גאַנצען פּזמון אויסוויינינג.

מאַדאַם בערניק (ברעכט אויס אין אַ געוויין). אָבער דו ביסט אַזוי אונפריינדליך—

בערניק. אַזוי, אַזוי; וויין נור, וויין, כדי מען זאָל נאָך אין שטאָדט קענען ריידען דערפון אויך.. וואַרף אַוועק די קינדערשע שטיק, בעטטי. געה אַרויס אויף דרויסען; דאָ קען נאָך אימיצער קו-מען. זאָל מען אפשר זעהן די מאַדאַם קאָנזול בערניק מיט רויטע אויגען? יאָ, מעהר פעהלט טאַקי ניט, דער עולם זאָל געוואָהר ווערן, אַז... נאַ, כ'הער אימיצען קומען אין קאָרידאָר! (מען קלאַפּט.) אַריין!

מאַדאַם בערניק געהט אַרויס מיט איהר נעה-אַרבייט אויף די גאָרטענ-טרעפּ. אולער קומט אַריין פון רעכטס.

אולער. גוטען טאָג, הערר קאָנזול.

בערניק. גוטען טאָג. נו, איהר מוזט אודאי טרעפען, מכח וואָס איך האָב אייך גערופען?

אולער. דער פערוואַלטער האָט מיר נעכטען געזאָגט, אַז איהר וועט זיין אומצופריעדען דערמיט, וואָס—

בערניק. מיט דער גאַנצער פיהרונג אויף'ן דאָק בין איך אומ-צופריעדען, אולער. די אַרבייט ריהרט זיך גאָר פון אָרט ניט. דער „טייטעל-בוים" האָט שוין פון לאַנג געדאַרפט זיין פאַרטיג אָבצופאָהרען. קויפמאַן וויגעלאַנד האַלט מיך אין איין מוטשען; דער איז אַ זעהר שווערער שותף.

אולער. דער „טייטעלבוים" וועט איבערמאָרגען זיין פאַרטיג אָב-צופאָהרען.

בערניק. נאַ, סוף כל סוף! אָבער דער אַמעריקאַנער, די „גאָזעלע", וואָס ליגט שוין דאָ זינט פֿינף וואָכען צייט, און—

אַולער. דער אַמעריקאַנער? איך האָב פֿערשטאַנען, אַז מיר דאַרפֿען ראשית כל אָנווענדען אַלע אונזערע כחות אויף אייער אייגען שיף.

בערניק. כ׳ווייס ניט, פֿון וואַנעט איהר האָט עס גענומען. אויך דער אַמעריקאַנער האָט געדאַרפֿט פֿעררינבט ווערן אַזוי גיך ווי מעגליך; אָבער ס׳הויבט זיך גאָרניט אָן.

אַולער. דער באָדען פֿון׳ם שיף איז פֿאָלשטענדיג פֿערפֿוילט, הערר קאָנזול; וואָס מעהר מיר פֿערלאַטען עס, אַלץ ערגער ווערט עס.

בערניק. דאָס איז ניט די אורזאַכע. קראַפּ האָט מיר געזאָגט, אין וואָס עס געהט דאָ. איהר קענט פשוט ניט אַרבייטען מיט די נייע מאַשינען, וועלכע איך האָב זיך איינגעשאַפֿט,—אָדער בעסער געזאָגט, איהר ווילט מיט זיי ניט אַרבייטען.

אַולער. הערר קאָנזול, איהר ווייסט, איך בין שוין אַריבער די פֿופֿציג; פֿון יונג-ווייז אָן בין איך געוועהנט צו דעם אַלטען סיסטעם פֿון דער אַרבייט—

בערניק. דערמיט קענען מיר זיך היינט-צו-טאָג מעהר ניט בענוצען. און איהר דאַרפֿט ניט דיינקען, אַז מיר געהט דאָ וועגען אַ גרעסערן פּראָפֿיט; צום גליק נייטיג איך זיך ניט דעריין; אָבער איך מוז נעהמען אין אַנבעטראַכט די געזעלשאַפֿט, אין וועלכער איך לעב, און די פֿירמאַ, וואו איך בין דער הויפּט דעה-זאָגער. פֿון מיר מוז דער פּראָגרעס קומען, אָדער—ס׳בלייבט שטענדיג ביים אַלטען.

אַולער. כ׳האב דאָך גאָרנישט דאַגעגען דעם פּראָגרעס, הערר קאָנזול, אדרבה—

בערניק. יאָ, איהר וואָלט גערן געוואָלט דעם פּראָגרעס, אָבער בלויז פֿאַר אייער בעשרענקטען קרייז, פֿאַר דער אַרבייטער-קלאַסע. אָה נישקשה, כ׳ווייס אַלעס מכח אייער אַגיטאַציע; רעדעס האַלט איהר; איהר העצט אויף דעם עולם; אָבער ווי עס קומט נור צו אַ שטיקעל אמת׳ן פּראָגרעס, וואָס מען קען אָננעהמען מיט דער האַנד, ווי אַצונד ביי אונזערע מאַשינען, דאַן ווילט איהר ניט הערען און זעהן,—דאַן ציטערט איהר; אַ מורא פֿאַלט אויף אייך.

אַולער. יאָ, כ׳ציטער ווירקליך, הערר קאָנזול. מיר שרעקט דאָס האַרץ פֿאַר די אַרבייטער, ביי וועמען די מאַשינען וועלען אָבנעהמען זייער ברויט. איהר רעדט אַזוי אָפֿט דערפֿון, אַז מען מוז נעהמען אין אָנבעטראַכט די געזעלשאַפֿט; אָבער איך מיין, די געזעלשאַפֿט האָט דאָך עפּעס אויך פֿפֿליכטען. ווי אַזוי קענען די וויסענשאַפֿט און דאָס קאַפּיטאַל איינפֿיהרען אָט די נייע ערפֿינדונגען, איידער די געזעלשאַפֿט

האָט ערצויגען אַ דור פֿון מענשען, וואָס זאָלען זיך קענגען בעגוצען מיט זיי?

בערניק. איהר לייענט און גריבעלט צופֿיעל, אַולער; דאָס טהוט אייך גאָר קיין גוטס ניט; דאָס מאַכט אייך אומצופֿריעדען מיט אייער שטעלע.

אַולער. דאָס ניט, הערר קאָנזול; אָבער איך קען ניט רוהיג צו־זעהן, ווי איין גוטער אַרבייטער נאָך'ן אַנדערן ווערט אַוועקגעשיקט און געמאַכט ברויטלאָז צוליעב אָט די נייע מאַשינען.

בערניק. הם; אַז די דרוקעריי איז אויסגעפֿונען געוואָרען, איז מעהר ווי איין שרייבער געבליבען אָהן ברויט.

אַולער. וואָלט איהר, הערר קאָנזול, זיך אַזוי שטאַרק געפֿרעהט מיט דער דאָזיגער ערפֿונדענער קונסט, ווען איהר וואָלט דאַן אַשטיי־גער געווען אַ שרייבער?

בערניק. כ'האָב ניט געשיקט נאָך אייך, כדי מיט אייך אַ וכוח צו האָבען. כ'האָב אייך גערופֿען אַהער, כדי אייך צו זאָגען, אַז די „גאַזעלע" מוז איבערמאָרגען זיין פֿיקס און פֿאַרטיג אָבצופֿאָהרען.

אַולער. אָבער, הערר קאָנזול—

בערניק. איהר הערט: איבערמאָרגען! אין איין צייט מיט אונזער אייגענעם שיף; ניט איין שעה שפעטער. כ'האָב מיינע אורזאַכען, זיך אונטערצואיילען דערמיט און אַראָב פֿון מאַרק. איהר האָט געלייענט די היינטיגע מאָרגען־צייטונג?... נו, ווייסט איהר דאָך, אַז די אַמע־ריקאַנער האָבען שוין ווידער געמאַכט שטערונגען און משוגע'נע שטיק. אָט די אונפֿערשעהמטע באַנדע קעהרט איבער די גאַנצע שטאָדט מיט'ן קאָפ אַראָב און מיט די פֿיס אַרויף; ס'געהט ניט פֿערביי די נאַכט, עס זאָלען ניט פֿאָרקומען קיין געשלעגען אין די שיינקען און אויף דער גאַס,—פֿון אַלע אַנדערע מיאוס'ע זאַכען איז שוין גאָר ניטאָ וואָס צו ריידען.

אַולער. יאָ, זיי זיינען ווירקליך אַ מיאוס'ע חברה.

בערניק. און ועמען מאַכט מען פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר די דאָזיגע סקאַנדאַלען? מיך, פֿערשטעהט זיך! יאָ, איך קריג די גאַנצע גאָב דערפֿאַר. אָט די צייטונגס־שרייבער מאַכען מיך מיט דער בלאָטע צוגלייך, ווייל מיר פֿערטהוען די גאַנצע אַרבייטס־קראַפֿט אויף דעם „טייטעל־בוים". איך, וואָס מיין אויפֿגאַבע איז צו זיין אַ ביישפיעל פֿאַר מיינע מיט־בירגער, מוז זיך לאָזען שליידערן אַזעלכע זאַכען אין פנים אַריין! דאָס קען איך מעהר ניט פֿערטראָגען. עס לוינט מיר כלל וכלל ניט, אַז מיין נאָמען זאָל אויף אַזאַ אופן בעשמוצט ווערען.

אַולער. אָה, דער נאָמען אייערער, הערר קאָנזול, איז אַזוי גוט, אַז ער קען פֿערטראָגען דאָס און אַסך מעהר נאָך דערפֿון.

**בערניק.** ניט אַצונד; גראָד איצט מוז איך נייטיג האָבען אַזוי פיעל רעספּעקט און צוטרוי, וויפיעל מיינע מיט-בירגער קענען מיר נור שיינקען. איך האָב אַ גרויסע אונטערנעהמונג אין האַנד, ווי איהר האָט שוין מסתמא געהערט; און אַז עס זאָל זיך די שלעכטע מענשען איינגעבען אָבצוציהען דעם אונבעדינגטען צוטרוי צו מיין פּערזאָן, קען איך דורך דעם האָבען די גרעסטע שוועריגקייטען. אָט מחמת דעם וויל איך גאָר אָהן אַ שום תירוץ זיך בעפרייען פון די דאָזיגע רשעות׳דיגע, פערליימדערישע צייטונגס-שרייבערייען, און דעריבער האָב איך בע-שטימט די צייט אויף איבערמאָרגען.

**אַולער.** הערר קאָנזול. איהר האָט פונקט אַזוי גוט געקענט בע-שטימען די צייט אויף היינט נאָכמיטאָג.

**בערניק.** איהר מיינט, הייסט עס, אַז איך פערלאַנג פון אייך אַן אונמעגליכע זאַך?

**אַולער.** יאָ,—מיט דער צאָהל אַרבייטער, וואָס מיר האָבען אַצונד—

**בערניק.** גוט, גוט;—דאַן מוזען מיר זיך אַרומזעהן ערגעץ אַנדערש.

**אַולער.** איהר מיינט ווירקליך אָבזאָגען נאָך מעהר אַלטע אַר-בייטער?

**בערניק.** ניין, ניט דאָס מיין איך.

**אַולער.** וואָרים איך מיין, ס׳וואָלט געוואָרען אַ שטאַרקע אויפ-רעגונג, ווען איהר טהוט עס—אי אין דער שטאָדט, אי אין די צייטונגען.

**בערניק.** קען געמאָלט זיין; דעריבער טאַקי לאָזען מיר עס דער-ווייל צורוה. אָבער אויב די „גאַזעלע" איז ניט פאַרטיג צום פאָהרען איבערמאָרגען, טאָ וועל איך אייך אָבזאָגען.

**אַולער** (אין איין שרעק). מיך! (שמייכעלט.) ס׳איז דאָך געוויס ניט מעהר ווי אַ שפּאַס, הערר קאָנזול.

**בערניק.** ס׳איז שוין גאָר קיין שפּאַס ניט.

**אַולער.** און איהר האָט באמת געמיינט מיך אָבצוזאָגען? מיך, וועמעס פאָטער און זיידע האָבען זייער גאַנץ לעבען לאַנג געאַרבייט דאָ אויף׳ן דאָק, און וואָס איך אַליין—

**בערניק.** ווער צווינגט מיך דערצו?

**אַולער.** איהר פערלאַנגט אַן אונמעגליכע זאַך, הערר קאָנזול.

**בערניק.** אַך, דער גוטער ווילען ווייסט ניט פון קיין אונמעגליכעס. יאָ צי ניין! גיט מיר אַ קלאָהרען ענטפער, אָדער איהר זייט אָבגעזאָגט תיכף אויף׳ן שטעל.

**אַולער** (צוקומענדיג אַ טריט נעהנטער). האָט איהר זיך גוט בע-

רעכענט, וואָס דאָס הייסט אַזוינס, אָבזאָגען אַן אַלטען אַרבייטער? איהר מיינט, אַלץ וואָס ער האָט צו טהאָן איז, זוכען ערגעץ אַנדערש אַרבייט? אָה יאָ, דאָס קען ער. אָבער צי איז דערמיט די זאַך גענענ־דיגט? איהר וואָלט געמעגט זיין ביי אַזאַ אָבגעזאָגטען אַרבייטער אין הויז דעם אָווענד, ווען ער קומט אַהיים און שטעלט אַוועק זיין געצייג הינטער דער טהיר.

בערניק. איהר מיינט, איך זאָג אייך אָב מיט אַ גרינגען האַר־צען? צי בין איך דען תמיד ניט געוועזן אַ הומאַנער, רעכט־דיינקענדער אַרבייט־געבער?

אולער. נאָך ערגער פאַר מיר, הערר קאָנזול. טאַקי מחמת דעם וועלען מיינע לייט אין דערהיים ניט אייך שולדיג מאַכען דערפאַר. זיי וועלען מיר גאָרנישט זאָגען, וואָרים דערצו האָבען זיי קיין האַרץ נישט; אָבער זיי וועלען מיך, בשעת איך וועל עס ניט מערקען, אָנ־קוקען מיט אַ פראַגע אין די אויגען און זיך טראַכטען ביי זיך: ער האָט עס אודאי געמוזט פערדיענען. זעהט איהר, דאָס—דאָס קען איך ניט פערטראָגען. ווי אָרים, ווי פראָסט אַ מאַן, ווי איך, זאָל נישט זיין, בין איך פאָרט שטענדיג געוועהנט געווען, בעטראַכט צו ווערן אַלס דער קאָפּ פון מיין פאַמיליע. מיין פראָסטע היים איז אויך פאַר זיך אַ מין קליינע געזעלשאַפט. און די דאָזיגע קליינע געזעלשאַפט האָב איך נור געקענט שטיצען און האַלטען אויף די פיס, ווייל מיין פרוי און מיינע קינדער האָבען אין מיר געגלויבט... און אַצונד זאָל דאָס אַלצ־דינג מיט אַמאָל חרוב ווערן?

בערניק. יאָ, אַז ס'קען אַנדערש ניט זיין, מוז דאָס קלענערע צוליעב דעם גרעסערן פאַלען; דער איינצעלנער, דער יחיד מעג אין גאָט'ס נאָמען געאָפּפערט ווערן דעם כלל. קיין אַנדער ענטפער קען איך אייך ניט געבען, און אַנדערש געהט עס אויך ניט אין דער וועלט. אָבער איהר זייט אַ קשה־עורף, אַן איינגעשפאַרטער מאַן, אולער! איהר שטעלט זיך מיר אַנטקעגען, ניט מחמת איהר קענט אַנדערש ניט, נאָר ווייל איהר ווילט ניט, עס זאָל דערוויזען ווערן די מעלה פון די מאַשינען איבער די האַנד־אַרבייט.

אולער. און איהר האַלט זיך פעסט אָן דעם, הערר קאָנזול, מחמת איהר ווייסט, אַז די פרעסע וועט וויניגסטענס אַנערקענען אייער גוטען ווילען, אַז איהר וועט מיך דורכטרייבען פון זיך.

בערניק. און אַז עס איז אַזוי, איז וואָס? איהר הערט דאָך, מכח וואָס ס'האַנדעלט זיך דאָ,—ס'געהט אין דעם, ענטוועדער אָנרייצען אויף מיר די פרעסע אָדער זי געווינען אויף מיין זייט אין דעם אווי־גענבליק, ווען איך אַרבייט פאַר אַ גרויסער זאַך לטובת הכלל. כ'פרעג אייך—קען איך דאָ אַנדערש האַנדלען? כ'פערזיכער אייך, די פראַגע

דרעהט זיך דאָ מכח דעם, ענטוועדער אייער היים אויפֿצוהאַלטען, ווי איהר רופֿט עס, אָדער פֿילייכט הונדערטע פֿון נייע היימען אונטערצו-גראָבען,—היימען, וועלכע וועלען קיינמאָל ניט קענען אויפֿגעריכט ווערן, קיינמאָל קיין רויכערדיגען קוימען גיט ·האָבען, אַז מיר זאָל זיך חלילה ניט איינגעבען, דורכצופֿיהרען דאָס, וואָס איך האָב אַצונד גע-נומען אין דער האַנד... דעריבער גיב איך אייך דאָ די ברירה אויס-צוקלייבען.

אַ ו ל ע ר. אויב אַזוי, טאָ האָב איך מעהר גאָרנישט וואָס צו זאָגען.

ב ע ר נ י ק. הם... מיין ליעבער אַולער, ס׳טהוט מיר ווירקליך לייד, וואָס מיר מוזען זיך צושיידען.

אַ ו ל ע ר. מיר וועלען זיך ניט צושיידען, הערר קאָנזול.

ב ע ר נ י ק. וואָס הייסט?

אַ ו ל ע ר. אַ פּשוט׳ער מענש האָט אויך עפּעס אויפֿצוהאַלטען דאָ אין דער וועלט.

ב ע ר נ י ק. אַודאי, אַודאי... איהר מיינט, הייסט עס, אַז איהר וואָלט געקענט צוזאָגען—

אַ ו ל ע ר. די „גאַזעלע" וועט איבערמאָרגען זיין פֿאַרטיג צום פֿאָה-רען. (ער גריסט און געהט אַרויס רעכטס.)

ב ע ר נ י ק. אַהאַ, דעם שטייפֿען נאַקען האָב איך אַלזאָ פֿאָרט גע-בויגען. דאָס איז כ׳לעבען אַ גוטער סימן—

ה י ל מ אַ ר, מיט אַ ציגאַר אין מויל, קומט אַריין דורך דער גאָרטענ-טהיר.

ה י ל מ אַ ר (אויף די גאָרטען-טרעפּ). גוטען טאָג, בעטטי! גוטען טאָג, בערניק!

מ אַ ד אַ ם ב ע ר נ י ק. גוטען טאָג.

ה י ל מ אַ ר. נאַ, דו האָסט געוויינט, זעה איך. אָט אַפֿנים דו ווייסט עס שוין?

מ אַ ד אַ ם ב ע ר נ י ק. וואָס זאָל איך וויסען?

ה י ל מ אַ ר, אַז דער סקאַנדאַל צוטראָגט זיך אויף אַלע פֿיער. אוף, אוף!

ב ע ר נ י ק. וואָס זאָגסט דו!

ה י ל מ אַ ר (קומט אַריין). נו יאָ, דיביידע אַמעריקאַנער שפּאַצירען אַרום איבער די גאַסען אינאיינעם מיט דינאַ׳ן.

מ אַ ד אַ ם ב ע ר נ י ק (איהם נאָכגעהענדיג). אָבער, הילמאַר, קען׳ס מעגליך זיין—?

ה י ל מ אַ ר. יאָ ליידער... דער ריינסטער אמת. לאָנאַ איז זאָגאַר געווען אַזוי טאַקטלאָז, מיר נאָכצורופֿען; אָבער איך האָב זיך, פֿער-שטעהט זיך, געמאַכט ניט הערענדיג.

ב ע ר נ י ק. און דאָס איז אודאי ניט געבליבען אונבעמערקט.

ה י ל מ אַ ר. כ׳מיין עפּעס אַזוי. דער עולם האָט זיך אָבגעשטעלט

קוקען אויף זיי. ס׳האָט אויסגעזעהן, אָקוראַט ווי די ידיעה וואָלט זיך אַזוי ווי אַ העליש פייער פערשפרייט איבער דער גאַנצער שטאָדט— אַן ערך אַזוי ווי אַ גרויסער בראַנד אין די סטעפּעס. אין אַלע הייזער איז דער עולם געשטאַנען בײַ די פענסטער און געוואַרט דערויף, דער צוג זאָל פערבייגעהן; הינטער די פאָרהאַנגען אַ קאָפּ אויף אַ קאָפּ— אוף, אוף! דו מוזט מיר ענטשולדיגען, בעטטי, וואָס איך זאָג אַלץ: אוף, אוף! מחמת אַזאַ מין סצענע מאַכט מיך נערוועז... אַז דאָס זאָל אַזוי אָנהאַלטען, וועל איך, בנאמנות, מוזען מאַכען אַ ווייטע רייזע פון דאַנעט.

מ אַ ד אַ ם ב ע ר נ י ק. אָבער דו האָסט זיך דאָך געמעגט מיט איהם דורכשמועסען און איהם פאָרשטעלען—

ה י ל מ אַ ר. אויף׳ן מיטען גאַס? מוזט מירווירקליך ענטשולדיגען... אָבער דאָס וואָס דער מענש סמייעט איבערהויפּט זיך צו ווייזען דאָ אין שטאָדט!... נאַ, מיר וועלען אַקאָרשט זעהן, צי וועלען די בלעטער איהם ניט פערקאָכען אַ קאַשע; יאָ, ענטשולדיג, בעטטי, אָבער—

ב ע ר נ י ק. די בלעטער, זאָגסט דו? וואָס זשע, האָסט עפּעס גע- מערקט אַן אָנצוהערעניש מכח דעם?

ה י ל מ אַ ר. יאָ, ס׳הייגגט עפּעס אַזאַ מין שטימונג אין דער לופט. בשעת איך בין נעכטען אָבענד אַוועק פון אייך, האָב איך זיך געלאָזט געהן אין קלוב, צוליעב מיין געזונד, פערשטעהט זיך. פון דעם שטיל- שווייגען, וואָס איז מיט אַמאָל געוואָרען, בעת איך בין אַריינגעקומען, האָב איך בעשיינפערליך אַרויסגעזעהן, אַז די צוויי אַמעריקאַנער זיינען געוועזען אויף דער טאַגעס-אָרדנונג. מיט אַמאָל קומט אַריין דער אונ- פערשעהמטער רעדאַקטאָר האַמער, און גאַנץ הויך אויף׳ן קול גיט ער מיר אָב אַ „מיט-ליעב אייך אייער גאַסט" צו דעם צוריקקומען פון מיין רייכען שוועסטער-קינד.

ב ע ר נ י ק. רייך—?

ה י ל מ אַ ר. יאָ, אַזוי האָט ער זיך אויסגעדריקט. כ׳האָב איהם, פער- שטעהט זיך, אָבגעמאָסטען פון קאָפּ ביז די פיס מיט אַ פּאָר אויגען פול ערשטוינונג, ווי ער האָט עס פערדיענט, און האָב איהם געגעבען צו פערשטעהן, אַז איך הויב כלל וכלל ניט אָן וויסען מכח דעם רייכ- טהום פון הערר יאָהאַן טענעסען. „אַזוי," מאַכט ער, „דאָס איז מערק- ווירדיג; אין אַמעריקאַ פלעגט מען דאָך צו וואָס עס איז קומען, אַז מען האָט עפּעס געהאַט אויף אַן אָנפאַנג, און אייער שוועסטער-קינד איז דאָך ניט מיט קיין ליידיגע הענד אַוועקגעפאָהרען אַהין."

ב ע ר נ י ק. הם, טהו מיר אַ טובה—

מ אַ ד אַ ם ב ע ר נ י ק (פער׳צרה׳ט). נאַ, זעהסט דו, ריכאַרד—

ה י ל מ אַ ר. יאָ, על כל פנים האָב איך צוליעב דער דאָזיגער פער- זאָן די גאַנצע נאַכט קיין אויג ניט געקענט צומאַכען. און דאָ שפּאַצירט

ער זיך גאָר אַרום איבער די גאַסען מיט אַזאַ געזיכט, אָקוראַט ווי ס'וואָלט מיט איהם גאָרנישט געטראָפען. פאַרוואָס זיינען מיר פאָרט ניט פּטיר געוואָרען פון אַט דעם טהייערען קרוב אונזערן? ס'איז גאָר ניט צו פערשטעהן, וואָס פאַר אַ האַרטע פעל געוויסע מענשען האָבען.

מאַדאַם בערניק. גאָט איז מיט דיר, הילמאַר, וואָס זאָגסט די?

הילמאַר. כ'זאָג גאָרנישט. אָבער פון אַלע אייזענבאַהן-אומגליקען און פון אַלע מינים געפעכטען מיט די קאַליפאָרנישע בערען און מיט די שוואַרצפיסיגע אינדיאַנער איז ער אַרויס מיט'ן לעבען; בנאמנות, ער איז דאָך אפילו ניט סקאַלפירט—אוף, אוף! אָן געהען זיי שוין.

בערניק (אַרויסקוקענדיג אין גאַס). און אָלאַף איז אויך מיט זיי!

הילמאַר. פערשטעהט זיך. זיי מוזען דאָך דערמאָנען דעם עולם, אַז זיי זיינען עפּעס ניט אַבי ווער, אַז זיי געהערען צו דער ערשטער פאַמיליע אין שטאָדט... זעה, זעה, אָט קומען אַרויס אַלע לויפערס פון אַפּטייק און קוקען און מאַכען זייערע בעמערקונגען. דאָס איז ווירקליך ניט פאַר מיינע נערווען; ווי אַזוי מען קען אונטער אַזוינע אומשטענדען האַלטען הויך די גייסטיגע פאָהן, דאָס—

בערניק. זיי קומען דירעקט אַהער. אַלזאָ הער אויס, בעטטי, ס'איז מיין בעשטימטער פערלאַנג, דו זאָלסט זיין צו זיי אַזוי פריינדליך ווי נור מעגליך.

מאַדאַם בערניק. דו ערלויבסט עס מיר, ריכאַרד?

בערניק. אַודאי; אַודאי. און דו אויך, הילמאַר, כ'האָף, אַז זיי וועלען ניט בלייבען לאַנג דאָ; און אַז מיר זיינען צווישען זיך... קיין שום אָנצוהערעניש... מיר טהאָרען זיי אויף קיין שום אופן ניט בעליידיגען.

מאַדאַם בערניק. אָה, ריכאַרד, ווי גרויסמוטהיג דו ביסט!

בערניק. נו, נו, מוחל.

מאַדאַם בערניק. ניין, דו ביסט ווירקליך ווערטה אַ דאַנק; און פערצייה מיר, וואָס איך בין פריהער אַזוי האַסטיג געוועזן. אָה, דו האָסט דאָך געהאַט יעדען גרונד צו—

בערניק. אַ סוף, אַ סוף, זאָג איך!

הילמאַר. אוף, אוף!

יאָהאַן טענעסען און דינאַ, דערנאָך לאָנאַ העסעל און אָלאַף קומען אַריין דורך'ן גאָרטען.

פריילין העסעל. גוטען טאָג, גוטען טאָג, איהר ליעבע לייט.

יאָהאַן. נו, זיינען מיר אַביסעל געוועזן אויף דרויסען און האָבען אַרומגעקוקט אַלע אַלטע פלעצער.

בערניק. יאָ, דאָס הער איך. אַ היבשער איבערבייט, ניט אמת?

פריילין העסעל. אומעטום קאָנזול בערניק'ס גרויסע און שעהנע

מעשים... מיר זיינען אויך אויבען געוועזן, אין די גערטנער, וואָס דו האָסט דער שטאָדט געשײנקט—

בערניק. אָה, דאָרטען?

פריילײן העסעל. „קאָנזול בערניק׳ס מתנה״, ווי ס׳שטעהט איבער דעם אַריינגאַנג. יאָ, דו ביסט דאָך דער ערשטער מאַן דאָ אין שטאָדט—

יאָהאַן. און וואָס פֿאַר אויסגעצייכענטע שיפֿען דו האָסט! כ׳האָב זיך געטראָפֿען מיט דעם קאַפּיטאַן פֿון „טייטעלבוים״, מיין אַלטען חבר׳—

פריילײן העסעל. און אַ נייע שול-געביידע האָסט דו דאָך אויך אויפֿגעבויט—

יאָהאַן. און פֿאַר די וואַסער-לייטונג אַזוי גוט ווי פֿאַר די גאַז-בעלייכטונג האָט די שטאָדט אַלץ דיר צו פֿערדאַנקען, ווי איך הער.

בערניק. נו, מען מוז דאָך וואָס טהאָן פֿאַר דער געזעלשאַפֿט, אין וועלכער מען לעבט.

פריילײן העסעל. דאָס איז זעהר פֿיין פֿון דיר, שוואָגער; אָבער ס׳איז אויך אַ פֿרייד צו הערען, ווי דער עולם רעדט פֿון דיר. איך בין ניט קיין בעריהמערקע, מיין איך; נאָר פֿונדעסטוועגען האָב איך זיך ניט געקענט איינהאַלטען דעם איינעם אָדער דעם אַנדערן, מיט וועמען מיר האָבען גערעדט, צו דערמאָנען, אַז מיר געהערען צו דער פֿאַמיליע.

הילמאַר. אוף, אוף—!

פריילײן העסעל. וואָס זשע, זאָגסט שוין ווידער אוף, אוף?

הילמאַר. ניין, כ׳האָב געזאָגט אַהאַ!...

פרילײן העסעל. מילא, קענסט זאָגען וואָס דו ווילסט, דו אָרעמער יונג... אָבער וואָס איז דאָס? איהר זייט גאָר היינט איינע אַליין דאָ?

מאַדאַם בערניק. יאָ, היינט זיינען מיר אַליין.

פריילײן העסעל. ריכטיג, אויף׳ן מאַרק האָבען מיר בעגעגענט אַ פּאָר פֿון די דאָזיגע מאָראַלישע; זיי האָבען זיך געמאַכט עפּעס אַזוי ווי זיי וואָלטען קיין מינוט ניט געקענט פֿערלירען... אָבער מיר האָבען דאָך נאָך ניט געקענט אַ שמועס טהאָן איינע מיט די אַנדערע ווי ס׳דאַרף צו זיין; נעכטען זיינען דאָ געוועזן די דריי פּיאָנירע פֿון פּראָגרעס, און דערצו האָבען מיר דאָ געהאַט דעם פּאַסטאָר—

הילמאַר. דעם וויצע-פּרעדיגער.

פריילײן העסעל. איך רוף איהם פּאַסטאָר... אָבער וואָס זאָגט איהר עפּעס צו מיין ווערק? איאָ, ער איז געוואָרען אַ וואוילער יונג? ווער וואָלט אַצונד דערקענען אין איהם דעם ווילדען

בחור, וואָס איז פֿאַר פּופּצעהן יאָהרען אַנטלאָפֿען פֿון דאַנעט?

הילמאַר. אַה—!

יאָהאַן. אַך, לאָנאַ, בעריהם זיך נאָר נישט צו שטאַרק!

פֿריילײן העסעל. ווי איך זאָל ניט שטאָלץ זיין מיט דיר? גאָט מיינער, דו ביסט דאָך דאָס איינציגע, וואָס איך האָב דאָ אויסגע-ריכט אויף דער וועלט—

הילמאַר. אויסגעריכט—אוף, אוף!

פֿריילײן העסעל. יאָ, יאָהאַן, אַז איך דערמאָן זיך, ווי מיר ביידע האָבען זיך דאָרט אין אָנהויב דורכגעשלאָגען מיט אונזערע לייי דיגע פֿיער הענד—

הילמאַר. ליידיגע? נאַ, הערט איהר—!

פֿריילײן העסעל. וואָס זאָל מען הערן?

בערניק. הם!

הילמאַר. הערט איהר! דאָס איז כ׳לעבען—אוף, אוף! (ער געהט אַרויס אויף די גאָרטען-טרעפּ.)

פֿריילײן העסעל. וואָס איז פֿאָרט דעם מענשען געשעהן?

בערניק. אַך, לאָז איהם צורוה; ער איז אַצינד אַביסעל נערוועז. אָבער ווילסט דו גאָרניט אַ קוק טהאָן אַ ווײלע אויף׳ן גאָרטען? דו ביסט דאָך נאָך גאָרנישט געווען דאָרט, און איך האָב איצט גראָד אַ פֿרייע שעה.

פֿריילײן העסעל. מיט פֿערגניגען; איהר מעגט מיר גלויבען, אין מיין געדאַנקען בין איך גאָר אָפֿט געווען ביי אייך אין גאָרטען.

מאַדאַם בערניק. דו וועסט זעהן, אויך דאָרט זיינען פֿיעל זאַכען אומגעביטען געוואָרען. (דער קאָנזול, זיין פֿרוי און פֿריילײן העסעל געהען אַוועק אין גאָרטען, וואו מען בעמערקט זיי פֿון צייט צו צייט.)

אָלאַף (אין דער גאָרטען-טהיר). פֿעטער הילמאַר, דו ווייסט, וואָס דער פעטער יאָהאַן האָט מיך געפֿרעגט? ער האָט געפֿרעגט, צו איך וואָלט וועל׳ען מיט איהם פֿאָהרען קיין אַמעריקאַ.

הילמאַר. דו נאַרישער בחור, וואָס האַלט זיך נאָך אַלץ פֿאַר דער מאַמעס פֿאַרטוך—?

אָלאַף. יאָ, אָבער איך וועל שוין מעהר ניט זיין אַזוי. נישקשה, דו וועסט זעהן, אַז איך וועל ווערן גרויס—

הילמאַר. נו, נו, נעכטיגע טעג! דו ביסט ניט דער מענש דערצו, צו אונטערנעהמען יענע גרויסע נערוועו-צוטרייסלענדע טהאַטען, וואָס— (זיי געהען אינאיינעם אַרונטער אין גאָרטען.)

יאָהאַן (צו דינאַ׳ן, וועלכע שטעהט מיט׳ן הוט אין דער האַנד אין דער טהיר רעכטס און קלאַפּט זיך אָב דעם שטויב פֿון קלייד). דער שפּאַציר-גאַנג האָט אייך גוט צוואוואַרימט.

דינאַ. יאָ, ס׳איז געווען זעהר שעהן... אַזאַ שעהנעם שפּאַציר האָב איך נאָך קיינמאָל ניט געמאַכט.

יאָהאַן. וואָס זשע, איהר פּלעגט דען ניט געהן אָפּט שפּאַצירען פּאָרמיטאָג?

דינאַ. יאָ; אָבער נור מיט אָלאַף׳ן.

יאָהאַן. אַהאַ!—איהר ווילט אפשר זיך דורכגעהן אַביסעל אין גאָרטען?

דינאַ. ניין, כ׳בלייב ליעבערשט דאָ.

יאָהאַן. איך אויך... ס׳איז אַלזאָ אָבגעמאַכט, אַז מיר ווען יעדען אין דער פֿריה נעהמען אַזאַ שפּאַציר...

דינאַ. ניין, הערר טענעסאָן, לאָמיר עס ליעבערשט ניט טהאָן.

יאָהאַן. פֿאַרוואָס ניט? איהר האָט דאָך עס צוגעזאָגט.

דינאַ. יאָ... אָבער... כ׳האָב זיך בעטראַכט... איהר דאַרפֿט ניט אַרומגעהן מיט מיר.

יאָהאַן. אָבער פֿאַרוואָס ניט?

דינאַ. מחמת... איהר זייט אַ פֿרעמדער דאָ, איהר קענט עס גאָר-ניט בעגרייפֿען; אָבער איך וועל עס אייך זאָגען—

יאָהאַן. דהיינו, וואָס?

דינאַ. ניין, כ׳וועל בעסער נישט ריידען דערפֿון.

יאָהאַן. אַנו קאָרשט; מיט מיר קענט איהר ריידען אָפֿענע דבורים, ס׳מאַכט ניט אויס, וואָס עס זאָל ניט זיין.

דינאַ. יאָ, כ׳מוז אייך זאָגען... איך בין ניט אַזוי ווי די אַנדערע יונגע מיידלאַך; פֿאַראַן עפעס—אַזוי עפעס וועגען מיר... מחמת דעם דאַרפֿט איהר עס ניט טהאָן.

יאָהאַן. אָבער פֿון דעם אַלעמען הויב איך גאָרנישט אָן פֿער-שטעהן... איהר האָט דאָך, חלילה, קיין שום שלעכטס ניט געטהאָן?

דינאַ. איך ניט; אָבער... ניין, לאָמיר בעסער אויפֿהערן ריידען דערפֿון. איהר וועט עס שוין געוואָהר ווערן פֿון די אַנדערע.

יאָהאַן. הם.

דינאַ. נאָר מכח עפעס אַנדערש האָב איך זיך געוואָלט ביי אייך נאָכפֿרעגען.

יאָהאַן. אַשטייגער?

דינאַ. מען זאָגט, ס׳איז גרינג זיך צושלאָגען צו עפעס רעכטס דאָרט אין אַמעריקאַ.

יאָהאַן. שייך צו זאָגען, זעהר גרינג איז עס גראָד ניט, על כל פנים ניט תמיד; די ערשטע צייט מוז מען אָפּט גאַנץ שווער אַרבייטען.

דינאַ. אָט דאָס טאַקי וואָלט איך גערן געוואָלט—

יאָהאַן. איהר?

דינאַ. אָה, איך קען אַרבייטען; כ׳בין געזונד און שטאַרק, און די

מוהמע מאַרטהאַ האָט מיך פּיעלעס אויסגעלערנט.

יאָהאַן. הערסט אַביסעל, טאָ פּאַרוואָס זאָלט איהר טאַקי ניט פּאָהרען מיט אונז?

דינאַ. אַך, איהר טרייבט דאָך גור קאַטאָוועס מיט מיר; דאָס זאָגט איהר דאָך אָלאַף׳ן אויך. אָבער דאָס, וואָס איך וואָלט געוואָלט וויסען, איז, צי די מענשען דאָרטען זיינען זעהר — זעהר שטאַרק מאָראַליש?

יאָהאַן. מאָראַליש?

דינאַ. יאָ, כ׳מיין, צי זיי זיינען אַזוי — אַזוי אָנשטענדיג און פּיין ווי דאָ.

יאָהאַן. נו, זיי זיינען על כל פנים ניט אַזוי שלעכט, ווי מען גלויבט דאָ. דערפּאַר האָט איהר ניט וואָס מורא צו האָבען.

דינאַ. איהר פּערשטעהט ניט וואָס איך מיין. אדרבה, כ׳וואָלט געוואָלט, זיי זאָלען ניט זיין אַזוי אָנשטענדיג און מאָראַליש.

יאָהאַן. ניט? טאָ ווי דען זאָלען זיי זיין?

דינאַ. כ׳וואָלט געוואָלט, זיי זאָלען זיין נאַטירליך...

יאָהאַן. אָט דאָס גראָד זיינען זיי אפשר.

דינאַ. וואָרים דאַן וואָלט עס גוט געוועזן פּאַר מיר, אַריבערצו־פּאָהרען אַהין.

יאָהאַן. נו געוויס; און דעריבער מוזט איהר פּאָהרען מיט אינז.

דינאַ. ניין, ניט מיט אייך; כ׳מוז פּאָהרען אַליין. אָה, כ׳וועל זיך צושלאָגען צו וואָס עס איז; כ׳וועל שוין יאַקאָש ווערן בראַוו —

בערניק. (ביי די גאָרטען-טרעפּ לעבען די צוויי דאַמען.) בלייב, בלייב דאָ; איך וועל איהר דיר אַרויסברייגגען, ליעבע בעטטי. דו קענסט זיך נאָך פּערקיהלען. (ער געהט אַריין אין סאַלאָן און זוכט זיין פּרוי׳ס שאַל.)

מאַדאַם בערניק (אויף דרויסען אין גאָרטען). דו מוזט אויך מיטגעהן מיט אונז, יאָהאַן; מיר וועלען אַרונטערגעהן אין דער הייהל.

בערניק. ניין, יאָהאַן מוז בלייבען דאָ. נאַ, דינאַ; גיב מיין פּרויי דעם שאַל און געה מיט איהר. יאָהאַן וועט בלייבען דאָ מיט מיר, בעטטי טהייערע. כ׳מוז דאָך אַ שמועס טהאָן אַ ווייילע מיט איהם מכח דעם, וואָס קומט פּאָר דאָרט אין אַמעריקאַ.

מאַדאַם בערניק. יאָ, יאָ; אָבער דו זאָלסט תיכף אונטער־קומען; דו ווייסט דאָך, וואו מיר זיינען. (מאַדאַם בערניק, פּרייליין העסעל און דינאַ געהען אַרונטער דעם גאָרטען לינקס.)

בערניק (קוקט זיי נאָך אַ רגע, מאַכט צו די אויבערשטע טהיר לינקס, דערנאָך געהט ער צו צו יאָהאַן׳ן, נעהמט איהם אָן פּאַרביידע הענד און טרייסעלט און דריקט זיי). יאָהאַן, ענדליך זיינען מיר אַליין; און אַצונד לאָמיך דיר כאָטש דאַנקען!

יאָהאַן. פּאַרוואָס?

בערניק. מיין הויז, מיין הײם און מיין פאַמיליען-גליק,—מײן גאַנצען בירגערליכען מעמד אין דער געזעלשאַפט—אַלצדינג האָב איך דיר צו פערדאַנקען!

יאָהאַן. דאָס פרעהט מיך, ליעבער ריכאַרד, זי האָט זיך אַלזאָ פאָרט אויסגעלאָזט צום גוטען, יענע נאַרישע מעשה...

בערניק (טרייסעלט איהם ווידער די הענד). אַ דאַנק, אַ הערצליכען דאַנק! ניט איינער פון טויזענד אפילו וואָלט געטהאָן דאָס, וואָס דו האָסט פאַר מיר דעמאָלט געטהאָן.

יאָהאַן. ווייס איך וואָס! זיינען מיר דען ביידע ניט געוועזן יונג און לייכטזיניג? איינער פון אונז האָט דאָך געמוזט נעהמען אויף זיך די שולד—

בערניק. אָבער ווער איז נעהנטער געוועזן דערצו, איידער דער שולדיגער?

יאָהאַן. וואַרט אַקאָרשט! דעמאָלט איז דאָס געלעגען נעהנטער צום אונשולדיגען. איך בין געוועזן אַ יתום, פראַנק און פריי. דו אָבער האָסט נאָך געהאַט אַן אַלטע מוטער, וואָס האָט געלעבט; און דערצו האָסט דו זיך גראָד דאַן בשתיקה פער׳קנס׳ט מיט בעטטי׳ן, וועלכע איז געוועזן שטאַרק פערליעבט אין דיר. וואָס וואָלט פון איהר געוואָרען, ווען זי דערוויסט זיך—?

בערניק. אַודאי, אַודאי, אָבער—

יאָהאַן. און איז עס דען ניט געוועזן צוליעב בעטטי׳ן, וואָס דו האָסט מיט אַמאָל אָבגעבראָכען מיט מאַדאַם דאָרף? און בלויז כדי איינמאָל פאַר אַלע מאָל מאַכען אַ סוף צו דער זאַך, ביסט דו יענעם אָבענד—

בערניק. יאָ, יענער אונגליקליכער אָבענד, בעת דער שכור׳ער מענש איז געקומען אַהיים—! אַודאי, יאָהאַן, איז דאָס געשעהן צוליעב בעטטי׳ן; און פונדעסטוועגען—דאָס וואָס דו האָסט אַזוי גערן גענומען אויף זיך די חרפה און ביסט אַוועקגעפאָהרען—

יאָהאַן. נאָר קיין עגמת נפש ניט, ליעבער ריכאַרד. מיר האָבען דאָך צווישען זיך אָבגערעדט, אַז אַזוי דאַרף זיין; דו האָסט דאָך געמוזט אַרויס פון דער צרה—און צי ביסט דו דען ניט געוועזן מיין פריינד? ווי שטאָלץ בין איך דאָס אַביסעל געוועזן מיט דער דאָזיגער פריינדשאַפט! דאָ בין איך אַרומגעגאַנגען, איך אָרעמער באַנק-קוועטשער, איינער אַליין, אונטער דער לאַסט פון מיין ביכער-פיהרעריי,—מיט אַמאָל קומסט דו צוריק, פיין און גרויסאַרטיג, פון דיין לאַנגער רייזע אין אויסלאַנד; ביסט געוועזן אין לאָנדאָן און אין פאַריז, און דאָ קלייבסט דו מיר גאָר אויס פאַר אַ בוזים-פריינד, כאָטש

איך בין געוועזן מיט פֿיער יאָהר אינגער פֿאַר דיר,—נו יאָ, דאָס איז, פֿערשטעהט זיך, געוועזן דערפֿאַר וואָס דו האָסט זיך דאַן גע׳שדכן׳ט צו בעטטי׳ן; אַצונד איז דאָס פֿאַר מיר קלאָהר. אָבער ווי שטאָלץ בין איך געוועזן דערמיט! און ווער וואָלט עס דען ניט געוועזן? ווער וואָלט זיך דאָס ניט גערן געאָפּפֿערט פֿאַר דיר,—דער עיקר, ווען עס איז מעהר ניט געגאַנגען נור וועגען עטליכע וואָכען שטאָדט-ריידעריי און מען האָט זיך דערפֿון נאָך אויך געקענט בעפֿרייען, ארויסלוויפֿענדיג אין די ווייטע וועלט...

בערניק. הם. מיין ליעבער יאָהאַן, כ׳מוז דיר זאָגען דעם רעכטען אמת: אין גאַנצען פֿערגעסען איז די געשיכטע נאָך איצט אויך ניט.

יאָהאַן. אַזוי? נאַ, וואָס מאַכט עס מיר אויס, ווען איך וועל ווי-דער זיין דאָרט אויף מיין פֿאַרם—?

בערניק. דו פֿאָהרסט, הייסט עס, צוריק?

יאָהאַן. פֿערשטעהט זיך.

בערניק. אָבער האָפֿענטליך דאָך ניט אַזוי גיך?

יאָהאַן. אַזוי גיך ווי מעגליך. כ׳בין דאָך נור לאָנאַ׳ן צוליעב אריבערגעקומען מיט איהר אַהער.

בערניק. אַזוי?... אָבער ווי—

יאָהאַן. יאָ, זעהסט דו, לאָנאַ איז שוין ניט יונג, און אין דער לעצטער צייט האָט זי אָנגעהויבען שטאַרק בייַנקען אַהיים; אָבער זי האָט זיך קיינמאָל ניט געוואָלט מודה זיין דערויף; (שמייכעלט) ווי אַזוי האָט זי גאָר געקענט פועל׳ן ביי זיך, מיך לייכטזיניגען יונג אי-בערצולאָזען אַליין,—מיך, וואָס צו נײַנצעהן יאָהר שוין האָב איך זיך אָבגעגעבען מיט—

בערניק. און דאַן?

יאָהאַן. יאָ, ריכאַרד, אַצונד מוז איך דיר ענטדעקען אַ זאַך, מיט איהר שעהם איך זיך ווירקליך.

בערניק. דו האָסט דאָך איהר ניט אויסגעזאָגט דעם אמת, וואָס?

יאָהאַן. יאָ. כ׳האָב עס געטהאָן. ס׳איז ניט פֿיין געוועזן פֿון מיין זייט, אָבער איך האָב זיך ניט געקענט העלפֿען. דו קענסט זיך גאָר ניט משער זיין, וואָס לאָנאַ איז מיר געוועזן. דו האָסט זי קיינמאָל ניט געקענט ליידען; אָבער מיר איז זי אַ מוטער געוועזן. אין די ערשטע יאָהרען, בשעת ס׳איז אונז דאָרט געגאַנגען אַזוי שלעכט—וואָס האָט זי פֿאָרט ניט צואַרבייט! און אַז איך בין דערנאָך אַ לאַנגע צייט קראַנק געוועזן און האָב גאָרנישט פֿערדיענט,—איז זי אַרומגעגאַנגען, (כ׳האָב איהר ניט געקענט אָבהאַלטען דערפֿון) און האָט געזונגען און גע-האַלטען הומאָריסטישע פֿאָרטרעגע אין די קאַפֿע-הייזער; און דאַן האָט זי אָנגעשריבען אַ בוך, איבער וועלכען זי האָט דערנאָך געוויינט און

געלאַכט,—אַלעס נור, כדי מיך צו דערהאַלטען ביים לעבען. האָב איך נס געקענט צוזעהן, ווי זי געהט אַרום און ווערט וואָס ווייטער אַלץ פינסטערער פֿון ביינקעניש אַהיים,—זי, וועלכע האָט פֿאַר מיר אַזוי פיעל געאַרבייט און געליטען? ניין, ריכאַרד, כ׳האָב ניט געקענט. און איך האָב איהר געזאָגט: קענסט פֿאָהרען, לאָנאַ; פֿאַר מיר האָסט דו ניט וואָס מורא צו האָבען; כ׳בין ניט אַזוי לייכטזיניג ווי דו מיינסט... און דאָ—דאָ האָט זי זיך דערוואוסט דערפֿון.

בערניק. און וואָס האָט זי דערצו געזאָגט?

יאָהאַן. נו, זי האָט געזאָגט—און מיט רעכט—אַז ווי באַלד איך בין אומשולדיג, טאָ קען איך דאָך גאָר ניט האָבען דאַגעגען מיטצופֿאָהרען מיט איהר אַהער... אָבער מעגסט רוהיג זיין: לאָנאַ וועט שוויי-גען שטיל און איך וועל שוין פֿון היינט מאָל אָן זיך היטען און ניט אויסריידען מעהר קיין וואָרט.

בערניק. יאָ, יאָ, כ׳פֿערלאָז זיך דערויף.

יאָהאַן. נאַ דיר מיין האַנד דערויף. און אַצונד לאָז זיין גענוג צו ריידען וועגען דער אַלטער געשיכטע; צום גליק איז דאָס די איינציגע נאַרישקייט אין וועלכער מיר זיינען פֿערמישט... איך וויל הנאה האָבען פֿון די עטליכע טעג, וואָס איך וועל דאָ פֿערברינגען, אָבער טאַקי הנאה האָבען ווי ס׳געהער צו זיין. הערסט דו? קענסט זיך גאָר ניט משער זיין, וואָס פֿאַר אַ גרויסאַרטיגען שפאַציר מיר האָבען היינט אין דער פֿריה געמאַכט. ווער וואָלט זיך דאָס געגלויבט, אַז די קליינע בחור׳טע, וואָס איז אַרומגעלאָפֿען דאָ און האָט תמיד געשפיעלט אַלס מלאך׳ל אין טעאַטער—! אָבער זאָג מיר, כ׳בעט דיך—וואָס איז דער-נאָך געוואָרען פֿון איהרע עלטערן?

בערניק. אַך, מיין ליעבער, וועגען דעם קען איך דיר מעהר ניט זאָגען איידער דאָס, וואָס איך האָב דיר געשריבען תיכף ווי דו ביסט אַוועקגעפאָהרען,—יאָ, דו האָסט דאָך מן הסתם ערהאַלטען די צוויי בריעף?

יאָהאַן. אַוודאי, אַוודאי; און איך האָב זיי נאָך ביידע. דער מאַן איהרער, דער פיאַניצע, האָט איהר אַרזאָ אַוועקגעוואָרפֿען?

בערניק. און האָט שפעטער ערגעץ-וואו געבראָכען האַלז און געניק.

יאָהאַן. אָט אַפנים זי איז דאָך אויך באַלד נאָכדעם געשטאָרבען? אָבער דו האָסט דאָך געטהאָן פֿאַר איהר, וואָס ס׳איז אונטער די אומ-שטענדען מעגליך געווען צו טהאָן?

בערניק. זי איז געווען שטאָ־ץ; זי האָט גאָרניכט אויסגעזאָגט, האָט אָבער אויך גאָרנישט געוואָלט אָננעהמען.

יאָהאַן. נו, ס׳איז יעדענפֿאַלס געווען רעכט פֿון דיר, וואָס דו האָסט אַריינגענומען דינאַ׳ן צו דיר אין הויז.

בערניק. נו יאָ, יאָ... איבעריגענס, איז דאָס אייגענטליך געווען מאַרטהאַ'ס פראַן, און זי האָט עס דורכגעפיהרט.

יאָהאַן. אַזוי, מאַרטהאַ? יאָ, מאַרטהאַ... זעה נאָר, כ'האָב זיך גאָר פערגעסען אָן איהר... וואו איז זי ערגעץ היינט.

בערניק. אָה, די... אַז זי איז ניט אין דער שולע. האָט זי איהרע חולאים, מיט וועמען זי גיט זיך אָב.

יאָהאַן. האָט זיך מאַרטהאַ, הייסט עס, פאַר איהר אָנגענומען...

בערניק. זי האָט דאָך פון תמיד אָן געהאַט אַ געוויסע נייגונג צו דער ערציהונג. מחמת דעם האָט זי דאָס אָנגענומען די שטעלע אין דער פאָלקס-שולע. דאָס איז געווען אַ גרויסע נאַרישקייט פון איהר זייט.

יאָהאַן. יאָ, זי האָט נעכטען זעהר שלעכט אויסגעזעהן; כ'האָב מורא, ס'שאַדט איהר צום געזונד.

בערניק. וואָס איז שייך צו איהר געזונד, איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבען. נאָר ס'איז פשוט אונאַנגענעהם פאַר מיר; עס זעהט אויס, אָקוראַט ווי איך, איהר ברודער, וואָלט זי ניט געוואָלט אויס-האַלטען.

יאָהאַן. אויסהאַלטען? כ'האָב געמיינט, אַז זי האָט אַליין אַזוי פיעל פערמעגען—

בערניק. ניט אַ גראָשען. דו דערמאָנסט זיך נאָך אודאי, וואָס פאַר אַ ביטערע צייט דאָס איז געווען פאַר מיין מוטער דאַן, בעת דו ביסט אַוועקגעפאָהרען. אַ שטיקעל צייט האָט זי מיט מיין הילף אָנ-געטריבען ווייטער דאָס געשעפט; נאָר פאַר מיר האָט עס, פערשטעהט זיך, ניט געלוינט, עס זאָל אַזוי אָנגעהן כסדר. און איך בין געוואָרען אַ שותף אין געשעפט; אָבער אויך אויף דעם אופן איז עס ניט גע-גאַנגען. כ'האָב אַלזאָ געמוזט איבערנעהמען דעם עסק אין גאַנצען, ווערן אַליין בעל הבית פאַר זיך,—און דאָ ביים אונטערציהען די חשבונות האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אויף דער מאַמע'ס חלק איז געבליבען אַזוי גוט ווי גאָרניט. אַז זי איז אַ קורצע צייט נאָכדעם געשטאָרבען, איז מאַרטהאַ, פערשטעהט זיך, אויך געבליבען מיט ליידיגע הענד.

יאָהאַן. אָרעמע מאַרטהאַ!

בערניק. אָרעמע? וואָס הייסט? אָט הפנים דו מיינסט, עס פעהלט איהר חלילה עפּעס ביי מיר? אָה ניין... דאָס מעג איך אויף זיך אַליין זאָגען: איך בין אַ גוטער ברודער... נאַטירליך, זי וואוינט ביי אונז און עסט מיט אונז אינאיינעם; פון איהר געהאַלט קען זי זיך קליידען רייך, און אַ מיידעל ווי זי—וואָס דאַרף זי נאָך מעהר?

יאָהאַן. הם; אין אַמעריקאַ האָבען מיר אַן אַנדער השגה וועגען אַזעלכע זאַכען.

בערניק. נו, פֿערשטעהט זיך! אין אַן אונטערגעהעצטער געזעלשאַפֿט ווי די אַמעריקאַנישע... אָבער דאָ אין אונזער קליינעם קרייז, וואו די פֿערדאָרבענקייט האָט נאָך, גאָט צו דאַנקען, ביז אויף היינטיגען טאָג קיין שום צוטריט ניט געהאַט,—דאָ בענוגענען זיך די פֿרויען מיט אַ פּראָסטע און אָנשטענדיגע פֿיהרונג... איבעריגענס איז מאַרטהאַ אַליין שולדיג אין דעם; זי האָט שוין לאַנג געקענט זיין פֿערזאָרגט, אַז זי וואָלט ניר געוואָלט.

יאָהאַן. דו מיינסט—חתונה האָבען—?

בערניק. יאָ, אין נאָך ווי חתונה האָבען! מען האָט איהר געעדט עטליכע פֿיינע שידוכים. מערקווירדיג!—אַן אָרים, שוין ניט קיין יונג מיידעל—און דערצו נאָך גאָרניט בעדייטענד—

יאָהאַן. ניט בעדייטענד?

בערניק. נו, כ'מאַך איהר חלילה ניט שולדיג דערפֿאַר. דעם אמת זאָגענדיג, בין איך צופֿריעדען פֿון איהר אַזוי ווי זי איז. דו ווייסט, אין אַ גרויס הויז ווי דאָס אונזעריגע איז תמיד גוט צו האָבען אַזאַ ערנסטע, איבערגעבענע פערזאָן ווי זי איז, אויף וועמען מען זאָל זיך קענען פֿערלאָזען, טאָמער מאַכט זיך עפּעס וואָס עס איז.

יאָהאַן. יאָ, אָבער זי אַליין—?

בערניק. זי? וואָס הייסט? נו יאָ—ס'פֿעהלען דאָך איהר ניט קיין פערזאָנען, אין וועמען זי קען זיך אינטערעסירען! זי האָט דאָך בעטטי'ן אין אָלאַף'ן און מיך. דער מענש טהאָר ניט פֿריהער פון אַלצדינג טראַכטען פֿון זיך אַליין, אין די פֿרוי נאָך ווייניגער פֿון אַלעמען. מיר זיינען דאָך אַלע מחויב עפּעס צו טהאָן פֿאַר אַ גרעסערע אָדער קלענערע געזעלשאַפֿט. על כל פנים איך טהו אַזוי. (ווייזט אָן אויף קראַפּ'ן, וועלכער קומט מיט פּאַפּירען פֿון רעכטס.) נאַ, אָט ווע̇סט דו גלייך האָבען אַ בעווייז. דו מיינסט, דאָס זיינען מיינע אייגענע געשעפֿטען, וואָס נעהמען ביי מיר צו מיין גאַנצע צייט? ס'הויבט זיך גאָרניט אָן. (שנעל צו קראַפּ'ן.) נו?

קראַפּ (שטיל, אָנווייזענדיג אויף אַ פּעקעל פּאַפּירען). אַלע קויפֿ-קאָנטראַקטען זיינען פֿיקס און פֿאַרטיג.

בערניק. גרויסאַרטיג, אויסגעצייכענט!—נו, שוואָגער, דו וועסט דאָך מיר ענטשולדיגען אַ ווײַלע. (מיט אַ חאַלב-פֿערדריקטען טאָן און מיט אַ האַנד-דרוק.) אַ דאַנק, יאָהאַן, אַ דאַנק! און מעגסט זיכער זיין, אַלץ, וואָס איך וועל נור קענען טהאָן פֿאַר דיר—נו, דו פֿערשטעהסט וואָס איך מיין!—קומט, הערר קראַפּ. (זיי געהען אַריין אין קאָנזול'ס צימער.)

יאָהאַן (קוקט איהם נאָך אַ ווײַלע). הם — — (ער וויל אַרויסגעהן אין גאָרטען. אין דערזעלבער רגע קומט פֿון רעכטס אַרויין מאַרטהאַ מיט אַ קאָרב אויף'ן אָרם.) זעה נאָר, מאַרטהאַ!

פֿרײלײן בערניק. אַה—יאָהאַן—דאָס ביסט דו גאָר?

יאָהאַן. וואָס זשע, דו האָסט אויך קײן צײט ניט?

פֿרײלײן בערניק. נײן... וואַרט אַ ווײלע; די אַנדערע װעלען אודאי גלײך קומען. (וויל אַרויסגעהן לינקס.)

יאָהאַן. הער אויס, מאַרטהאַ, וואָס אײלסטו דו זיך אַזוי שטענדיג?

פֿרײלײן בערניק. איך?

יאָהאַן. נעכטען ביסט דו מיר אויך עפּעס אַזוי נעלם געוואָרען, אַז איך האָב מיט דיר קײן אײנציג וואָרט ניט געקענט אויסרײדען, און הײנט—

פֿרײלײן בערניק. יאָ, אָבער—

יאָהאַן. פֿריהער זײנען מיר דאָך תּמיד געװען צוזאַמען—מיר בײדע אַלטע שול-קאַמעראַדען.

פֿרײלײן בערניק. אַה, דאָס איז שוין אַזוי פֿיעל, אַזוי פֿיעל יאָהרען צוריק!

יאָהאַן. נאַ גאָט מײנער, פֿופֿצעהן יאָהר,—ניט מעהר, ניט װײניגער. וואָס זשע, דו רעכענסט, אַז איך האָב זיך שטאַרק געענדערט זינט דאַן?

פֿרײלײן בערניק. דו? אַך יאָ, דו אויך; כאָטש—

יאָהאַן. וואָס מײנסט דו דערמיט?

פֿרײלײן בערניק. אָה גאָרנישט...

יאָהאַן. זעהר צופֿרידען ביסט דו אַפּנים ניט דערמיט וואָס מיר זעהען זיך ווידער, מאַרטהאַ?

פֿרײלײן בערניק. כ׳האָב אַזוי לאַנג געוואַרט, יאָהאַן,—צו לאַנג.

יאָהאַן. געוואַרט? איך זאָל קימען?

פֿרײלײן בערניק. יאָ.

יאָהאַן. און נאָך וואָס האָב איך, נאָך דײן מײנונג נאָך, געזאָלט קומען?

פֿרײלײן בערניק. כדי גוט צו מאַכען דאָס, וואָס דו האָסט פֿערבראָכען.

יאָהאַן. איך?

פֿרײלײן בערניק. צי האָסט דו פֿערגעסען, אַז צוליעב דיר איז אַ פֿרוי געשטאָרבען אין נויטה און שאַנד? צי האָסט דו פֿערגעסען, אַז דורך דײן שולד זײנען די שעהנסטע יאָהרען פֿון אַ דערוואַקסענעם קינד פֿערביטערט געוואָרען?

יאָהאַן: און דאָס מוז איך פֿון דיר הערען? מאַרטהאַ, דײן ברודער האָט דיר גאָר קײנמאָל ניט—

פֿרײלײן בערניק. מײן ברודער—וואָס—?

יאָהאַן. צי האָט ער קיינמאָל ניט.. נו, כ'מיין, צי האָט ער גאָר קיינמאָל קיין גוט וואָרט ניט געהאַט פֿאַר מיר, מיך צו פֿערענטפֿערן?

פֿרייליין בערניק. אַך, יאָהאַן, דו קענסט דאָך ריכאַרד'ס שטרענגע פּרינציפּען.

יאָהאַן. הם.. אַודאי, אודאי, כ'קען זיי דאָך, די שטרענגע פּרינציפּען פֿון מיין אַלטען פֿריינד ריכאַרד.. אָבער דאָס איז דאָך—! נו.. כ'האָב אָקאָרשט גערעדט מיט איהם, מיר דוכט, ער האָט זיך אַ היבש ביסעל אומגעביטען.

פֿרייליין בערניק. ווי קענסט דו דאָס זאָגען? ריכאַרד איז שטענדיג געווען אַן אויסגעצייכענטער מענש.

יאָהאַן. ניט דאָס האָב איך געמיינט; אָבער לאָמיר דאָס צורוה לאָזען.— הם; אַצונד זעה איך קלאָהר, אין וואָס פֿאַר אַ ליכט דו האָסט מיך געזעהן: דעם פֿערלאָרענעם'ס אַחיים-קומען—דערויף אַפּנים האָסט דו געוואַרט.

פֿרייליין בערניק. הער אויס, יאָהאַן, כ'וועל דיר זאָגען, אין וואָס פֿאַר אַ ליכט איך האָב דיך געזעהן. (ווייזט אַראָב אין גאָרטען.) דו זעהסט דאָס מיידעל, וואָס שפּיעלט זיך דאָרט מיט אָלאַף'ן? דאָס איז דינאַ. דערמאָנסט דו זיך נאָך אָן דעם אונפֿערשטענדליכען בריעף, וואָס דו האָסט מיר געשריבען, בשעת דו ביסט אַוועקגעפֿאָהרען? דו האָסט מיך געבעטען, איך זאָל האָבען צוטרוי צו דיר. און איך האָב געהאַט צו דיר צוטרוי, יאָהאַן. דאָס גאַנצע שלעכטס, וואָס מען האָט זיך דאָ שפּעטער אָנדערצעהלט, האָט אודאי געמוזט געשעהן אין אַ לייכטזיניגען מאָמענט, אָהן ישוב הדעת, ניט-בערעכענטערהייט—

יאָהאַן. כ'פֿערשטעה דיך ניט..

פֿרייליין בערניק. אָה, דו פֿערשטעהסט מיך שוין גאָר גוט... נאָר לאָמיר ניט ריידען דערפֿון. אָבער אַוועק פֿון דאַנעט האָסט דו דאָך געמוזט, כדי אָנצוהויבען פֿיהרען אַ ניי לעבען... זעהסט דו, יאָהאַן, איך, דיין אַלטע חבר'טע בין דאָ אין דערהיים געווען דיין שטעל-פֿערטרעטערין. די פֿליכטען, וואָס דו האָסט פֿערגעסען צו ערפֿילען אָדער ניט געקענט ערפֿילען, האָב איך פֿאַר דיר איבערגענומען. איך זאָג עס דיר, כדי דו זאָלסט כאָטש דעריבער זיך ניט דאַרפֿען אָבעסען דאָס האַרץ. איך בין דעם אָרעמען קינד אַ מאַמע געווען, כ'האָב עס ערצויגען, אַזוי גוט ווי איך האָב נור געקענט—

יאָהאַן. און דערביי מפקיר געווען דיין גאַנץ לעבען—

פֿרייליין בערניק. ס'איז ניט געווען אַרויסגעוואָרפֿען. אָבער דו האָסט זיך צופֿיעל געזאַמט, יאָהאַן.

יאָהאַן. מאַרטהאַ,—ווען איך וואָלט דיר געקענט זאָגען—... אָבער לאָמיך דיר כאָטש דאַנקען פֿאַר דיין טרייער פֿריינדשאַפֿט.

פֿ ר י י ל י י ן  ב ע ר נ י ק (מיט אַ געצוואונגענעם שמייכעל). הם... יאָ, אַצונד האָבען מיר זיך אַלזאָ דורכגעשמועסט איינע מיט די אַנ־דערע, יאָהאַן... שטיל; אָן קומט אימיצער. אַדיע; כ׳קען איצט ניט— (זי געהט אַרויס דורך דער הינטערשטער טהיר לינקס. פֿריילין העסעל קומט אָן פֿון גאָרטען, נאָך איהר מאַדאַם בערניק.)

מ אַ ד אַ ם  ב ע ר נ י ק (נאָך אין גאָרטען). אָבער אום גאָטעס ווילען, לאָנאַ, וואָס פֿאַלט דיר איין!

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. לאָז מיך צורוה, זאָג איך דיר; איך וויל און מוז מיט איהם ריידען.

מ אַ ד אַ ם  ב ע ר נ י ק. אָבער דאָס איז דער גרעסטער סקאַנדאַל! אַה, יאָהאַן, דו ביסט נאָך דאָ?

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. אַרויס פֿון דאַנען; וואָס ליגסט דו דאָ פֿער־שפּאַרט אין צימער? געה אַרויס אין גאָרטען און רייד מיט דינאַ׳ן.

י אָ ה אַ ן. כ׳האָב עס טאַקי געהאַט בדעה—

מ אַ ד אַ ם  ב ע ר נ י ק. אָבער—

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. הער אַקאָרשט, דזשאָהן, דו האָסט זיך גוט איינגעקוקט אין דינאַ׳ן?

י אָ ה אַ ן. כ׳מיין עפּעס אַזוי.

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. יאַ, דו מוזט זיך אַזוי רעכט צוקוקען צו איהר, דזשאָהן. ד אָ ס איז וואָס רעכטס פֿאַר ד י ר!

מ אַ ד אַ ם  ב ע ר נ י ק. אָבער לאָנאַ—!

י אָ ה אַ ן. וואָס רעכטס פֿאַר מיר?

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. יאָ,—צום אָנקוקען, מיין איך. נו געה!

י אָ ה אַ ן. מיט׳ן גרעסטען פֿערגניגען. (ער געהט אַרויס אין גאָרטען.)

מ אַ ד אַ ם  ב ע ר נ י ק. לאָנאַ, כ׳בין אויסער זיך פֿאַר שרעק. ס׳איז דאָך ניט מעגליך, דו זאָלסט עס מיינען ערנסט.

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. נאַ, אודאי מיין איך עס ערנסט! וואָס זשע, זי איז אפשר ניט פֿריש, געזונד און אויפֿריכטיג? זי איז גראָד די ריכטיגע פֿרוי פֿאַר דזשאָהן׳ן. פּונקט אַזאַ איינע דאַרף ער האָבען דאָרט אין אַמעריקאַ; דאָס איז גאָר עפּעס אַנדערש איידער אַן אַלטע שטיף־שוועסטער.

מ אַ ד אַ ם  ב ע ר נ י ק. דינאַ! דינאַ דאָרף! באַרעכען נאָר—!

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. כ׳האָב ראשית כל אין זינען זיין גליק... און איך מוז איהם העלפֿען; ער אַליין איז אין אַזעלכע זאַכען ניט געניט; מיט מיידלאַך און פֿרויען הויבט ער ניט אָן וויסען ווי זיך ניהג צו זיין.

מ אַ ד אַ ם  ב ע ר נ י ק. ער? יאָהאַן?... נו, כ׳מיין, אַז ער האָט אונז אדרבה געגעבען טרויעריגע בעווייזע דערפֿאַר—

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. אָט האָסט דו דיר! ווידער אַמאָל די נאַ־

רישע געשיכטע! וואו איז ערגעץ בערניק? כ'וויל ריידען מיט איהם.

מאַדאַם בערניק. לאָנאַ, דו ווערסט עס ניט טהאָן, זאָג איך דיר!

פֿריילײן העסעל. פֿאַרוואָס דען ניט?... געפֿעלט זי איהם, און ער איהר—טאָ זאָלען זיי זיך האָבען איינע די אַנדערע. בערניק איז דאָך אַזאַ קלוגער מאַן; ער מוז געפֿינען אַן אויסוועג—

מאַדאַם בערניק. און דו מיינסט, אַז אָט די אַמעריקאַנישע מיאוס'ע שטיק וועלען דאָ אָנגעהן—?

פֿריילײן העסעל. דומהייטען, בעטטי—

מאַדאַם בערניק. —אַז אַזאַ מאַן ווי ריכאַרד, מיט אַזעלכע שטרענגע מאָראַלישע פּרינציפּען—

פֿריילײן העסעל. וויים איך וואָס, אַזוי נאַריש-שטריינג זיינען זיי על כל פנים ניט.

מאַדאַם בערניק. וואָס דערוועגסט דו זיך צו זאָגען?

פֿריילײן העסעל. איך דערוועג זיך זאָגען, אַז בערניק איז ניט קיין סך מאָראַלישער איידער אַנדערע מענער.

מאַדאַם בערניק. אַזוי טיעף איינגעוואָרצעלט איז נאָך דיין שנאה צו איהם! אָבער וואָס זשע האָסט דו פֿאָרט צו טהאָן דאָ, אַז דו האָסט קיינמאָל ניט געקענט פֿערגעסען, אַז—? כ'בעגרייף ניט, ווי אַזוי דו האָסט גאָר געסמייעט איהם צו קומען פֿאַר די אויגען, נאָך יענער מיאוס'ער חרפה, וואָס דו האָסט איהם דעמאָלט אָנגעטהאָן!

פֿריילײן העסעל. יאָ, בעטטי, דעמאָלט האָב איך מיך מיאוס אויפֿגעפֿיהרט.

מאַדאַם בערניק. און ווי גרויסמוטהיג ער איז דאָס געווען, דיר פֿונדעסטוועגען צו פֿערצייהען,—ער, וואָס האָט דאָך גאָר קיין שום זינד ניט בעגאַנגען! ווארים וואָס איז ער שולדיג געווען, אַז דו האָסט זיך איינגערעדט און געהאָפּט אויף איהם? אָבער פֿון דעמאָלט אָן האָסט דו אויך מיך פֿיינט. (ברעכט אויס אין טרעהרען.) דו האָסט מיר קיינמאָל ניט פֿערגונען מיין גליק. און אַצונד קומסט דו נאָך אַהער, כדי אַרויפֿצואוואַרפֿען אַלצדינג אויף מיר,—כדי צו ווייזען דער שטאָדט, אין וואָס פֿאַר אַ משפּחה איך האָב ריכאַרד'ן אַריינגעשלעפּט. יאָ, איך מוז אַלעס אַריבערטראָגען, און דאָס ביסט דו דאָך אויסען. אָה, דאָס איז גרוויזאַם פֿון דיר! (זי געהט אַוועק וויינענדיג דורך די הינטערשטע טהיר לינקס.)

פֿריילײן העסעל (איהר נאָכקוקענדיג). אָרעמע בעטטי.

בערניק קומט אַרויס פֿון זיין צימער.

בערניק (נאָך אין דער טהיר). יאָ, יאָ, זעהר שעהן, העררר קראַפּ; אויסגעצייכענט. שיקט צו דעם פֿעראיין פֿאַר אָרעמע און בעטלער פֿינף הונדערט קראָנען. (דרעהט זיך אום.) לאָנאַ! (קומט צו נעהנטער.) דו ביסט אַליין? בעטטי קומט גאָרניט אַריין אַהער?

פֿרייליין העסעל. ניין. זאָל איך זי אפשר אַ רוף טהאָן?

בערניק. ניין, ניין, ניין; לאָז זיין! אָה לאָנאַ, דו ווייסט גאָרניט, ווי פֿייערדיג איך האָב געגאַרט, צו ריידען מיט דיר אָפֿען,—צו קענען בעטען ביי דיר פֿערצייה־ונג!

פֿרייליין העסעל. הער אויס, ריכאַ־ד, לאָמיר נור ניט ווערן סענטימענטאַל; דאָס פּאַסט זיך ניט פֿאַר אונז.

בערניק. דו מוזט מיך אויסהערן, לאָנאַ. כ׳ווייס גאַנץ גוט, ווי איך זעה אַצונד אויס ביי דיר אין די אויגען, נאָכדעם ווי דו האָסט זיך דערוואוסט מכח דער געשיכטע מיט דינאַ׳ס מוטער. אָבער כ׳שווער דיר, אַז עס איז בלויז געווען אַ קליינער שגעון; כ׳האָב דיך אַמאָל ווירקליך, אמת און טריי געליעבט!

פֿרייליין העסעל. צוליעב וואָס, מיינסט דו, בין איך צוריק־געקומען אַהער?

בערניק. וואָס דו זאָלסט ניט האָבען בדעה צו טהאָן, איך בע־שווער דיך, דו זאָלסט גאָרנישט אונטערנעהמען, אידער איך וועל זיך ריינוואַשען פֿאַר דיר. כ׳קען עס, לאָנאַ; ע״כל פנים קען איך זיך ענטשולדיגען.

פֿרייליין העסעל. אַצונד האָסט דו מורא געקראָגען.— דו האָסט מיך אַמאָל געליעבט, זאָגסט דו. יאָ, אין די בריעף דיינע האָסט דו מיר זעהר אָפֿט פֿערזיכערט דעריין; און ווער ווייסט? אפשר איז דאָס אמת געווען—כל זמן דו האָסט געלעבט אין אויסלאַנד, אין אַ גרויסער און פֿרייער וועלט, וועלכע האָט דיר געגעבען דעם מוטה, אַליין פֿריי און גרויס צו דיינקען. פֿילייכט האָסט דו ביי מיר געפֿונען מעהר כאַראַקטער און זעלבסטשטענדיגקייט, איידער ביי דאָס רוב אַנדערע דאָ אין דערהיים. און אַחוץ דעם איז דאָך דאָס נאָך געווען אַ סוד צווישען אונז ביידען; קיינער האָט נאָך ניט געקענט לאַכען פֿון דיר, חוזק מאַכען פֿון דיין שלעכטען גע־שמאַק.

בערניק. לאָנאַ, ווי קענסט דו גאָר דיינקען—?

פֿרייליין העסעל. אָבער אַז דו ביסט דאַן צוריקגעקומען,— אַז דו האָסט דערהערט איבעראַל דעם שפּאָט, דעם הוזק, וואָס מען האָט פֿון מיר געמאַכט,—אַז דו האָסט געהערט, ווי אַלע האָבען גע־לאַכט דערפֿון, וואָס מען האָט גער־פֿען מיינע משוגעת׳ן—

בערניק. דעמאָלט האָסט דו טאַקי געהאַט מאָדנע געגג.

פֿרייליין העסעל. אייגענטליך נור דערפֿאַר, כדי אָט די עדעל־געפּאַטשקעטע הערן און דאַמען דאָ אין שטאָדט זאָלען האָבען פֿון וואָס זיך דאָס האַרץ אָבצוועסען. און אַז דו האָסט זיך דאַן בעקענט מיט דער יונגער פֿערפֿיהרערישער אַקטריסע—

בערניק. ס׳איז געווען אַ נאַרישער שריט; וויטער גאָרנישט;

כ׳קען דיר שווערן, אַז ניט אַמאָל אַ צעהנט-חלק פֿון די אַלע פּוסטע מעשיות, וואָס מען האָט זיך דאָ אָנדערצעהלט, איז ווירקליך אמת געווען.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. ס׳קען זיין; אָבער אַז בעטטי אין דאַן אַהיים געקומען,—שעהן, בליהענדיג, פֿערגעטערט פֿון אַלעמען,—און אַז עס איז בעקאַנט געוואָרען, אַז זי וועט ירש׳ענען דער מוהמע׳ס גאַנצען פֿערמעגען און איך וועל גאָרנישט קריגען—

ב ע ר נ י ק. יאָ, דאָ האַלטען מיר טאַקי ביי דער ריכטיגער אורזאַכע, לאָנאַ; און אַצונד זאָלסט דו הערען דעם רעבטען אמת, אָהן הינ-טערוועגען. כ׳האָב דעמאָלט בעטטי׳ן ניט ליעב געהאַט; ניט מחמת אַ נייער ליעבע האָב איך זיך פֿון דיר אָבגעריסען. ס׳איז איינפֿאַך געוועזן צוליעב׳ן געלד. איך בין געצוואונגען געווען דערצו; כ׳האָב ג ע מ ו ז ט.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. און דאָס זאָגסט דו מיר גלייך אין פנים אַריין!

ב ע ר נ י ק. יאָ, דאָס טהו איך. הער אויס, לאָנאַ—

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. און דאָך האָסט דו מיר געשריבען, אַז דו ביסט שטערבליך פֿערליעבט אין בעטטי׳ן; דו האָסט אַפּעלירט צו מיין עדעלקייט, און מיך בעשוואָרען צוליעב בעטטי׳ן צו פֿערשווייגען דאָס וואָס איז צווישען אונזביידען פֿאָרגעקומען—

ב ע ר נ י ק. כ׳האָב עס געמוזט, זאָג איך דיר.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. בנאמנות, אַצונד טהוט מיר שוין גאָרניט באַנג, וואָס איך בין דעמאָלט אַזוי אַרויס פֿון די כלים!

ב ע ר נ י ק. כ׳בעט דיך, לאָמיך דיר קאַלט און רוהיג דערצעהלען, אין וואָס פֿאַר אַ לאַגע מיר האָבען זיך אין יענער צייט געפֿונען. מיין מוטער, ווי דו קענסט זיך דערמאָנען, האָט געהאַט די גאַנצע דעה איבער׳ן געשעפֿט; אָבער זי האָט ניט אָנגעהויבען פֿערשטעהן וואָס האַנדעל הייסט. איך האָב געמוזט וואָס גיכער קומען צופֿאָהרען אַהיים פֿון פּאַריז; ס׳איז געווען אַ ביטערע צייט; איך האָב, הייסט עס, געדאַרפֿט דאָס געשעפֿט ווידער שטעלען אויף די פֿיס. וואָס זשע, מיינסט דו, האָב איך געפֿונען? כ׳האָב געפֿונען, צווישען אונז זאָל עס בלייבען, אַ חורבן, כמעט אַ רואינירט הויז. יאָ, ס׳איז געווען אַזוי גוט ווי רואינירט, די דאָזיגע אַלטע אָנגעזעהענע פֿירמאַ, וועלכע האָט עקזיסטירט זינט דריי דורות. וואָס זשע פֿאָרט האָב איך געזאָלט טהאָן, איך, דער זוהן, דער בן יחיד, אויב ניט זוכען עפעס אַ רע-טונגס-מיטעל?

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. און דו האָסט געראַטעוועט דאָס הויז בער-ניק אויף׳ן חשבון פֿון אַ פֿרוי.

בערניק. דו ווייסט, ווי שטאַרק בעטטי האָט מיך געליעבט.

פֿרײליין העסעל. אָבער איך?

בערניק. מעגסט מיר גלויבען, לאָנאַ,—דו וואָלסט קיינמאָל ניט גליקליך געווען מיט מיר.

פֿרײליין העסעל. אַט אַפנים דו האָסט מיך אַוועקגעוואָרפֿען דערפֿאַר וואָס דו האָסט זיך געזאָרגט פֿאַר מיין גליק?

בערניק. וואָס זשע, דו מיינסט אפשר, אַז איך האָב געהאַנדעלט אַזוי צוליעב אייגענ-נוציגע מאָטיווען? ווזלט איך דעמאָלט געווען אַליין, אַ מענש פֿאַר זיך, וואָלט איך מיט אַ פֿרייליאַך האַרץ אָנגע-הויבען איבער אַ נייעס פֿון אָנהויב. אָבער דו קענסט גאָר ניט פֿער-שטעהן, ווי דער געשעפֿטס-מאַן ווערט צונויפֿגעוואַקסען מיט דעם געשעפֿט, וואָס ער נעהמט איבער בירושה, און וואָס פֿאַר אַ מורא׳דיגע פֿעראַנטוואָרטליכקייט ער האָט אויף זיך. צי ווייסט דו, אַז דאָס גליק און אונגליק פֿון הונדערטער, יאָ, פֿון טויזענדער הייגגט אָב פֿון איהם? צי בערעכענסט דו פֿאָרט, אַז די גאַנצע געזעלשאַפֿט, אונזער ביידענס געזעלשאַפֿט, וואָלט מורא׳דיג געליטען דערפֿון, ווען די פֿירמאַ בערניק וואָלט צו גרונד געגאַנגען?

פרײליין העסעל. פֿון דער דאָזיגער געזעלשאַפֿט וועגען ביסט דו, הייסט עס, פֿופֿצעהן יאָהר נאָכאַנאַנד געבליבען טריי דעם ליגען, וואָס?

בערניק. דעם ליגען?

פֿרײליין העסעל. וואָס ווייסט בעטטי פֿון דעם אַלעמען, וואָס איז פֿאָרגעקומען בעת דיין פֿערהעלטניס מיט איהר און פֿאַר דעם?

בערניק. וואָס זשע, איך האָב זיך אפשר געדאַרפֿט מודה זיין פֿאַר איהר און אָהן אַ שום נוצען איהרע געפֿיהלען פֿערלעצען?

פֿרײליין העסעל. אָהן אַ שום נוצען, זאָגסט דו? נו יאָ, דו ביסט דאָך עפעס אַ געשעפֿטסמאַן; דו פֿערשטעהסט דאָך אודאי וואָס ניצליך איז.— אָבער אַצונד הער אַקאָרשט, ריכאַרד; איצט וועל איך ריידען קאַלט און רוהיג. זאָג מיר—דו ביסט אַלזאָ באמת גליקליך?

בערניק. אין דער פֿאַמיליע, מיינסט דו?

פֿרײליין העסעל. יאָ.

בערניק. כ׳בין עס, לאָנאַ. אָה, ניט אומזיסט ביסט דו מיר אַזאַ טרייע, אויפֿאָפּפערענדע פֿריינדין געווען! כ׳קען זאָגען, פֿון יאָהר צו יאָהר בין איך אַלץ גליקליכער געוואָרען. בעטטי איז גוט און איבער-געבען, און אין משך פֿון די יאָהרען האָט זי זיך אויסגעלערענט אי-בערצוּאַרבייטען איהר כאַראַקטער אַזוי, אַז עס זאָל שטימען מיט מיינע פֿיהרונגען—

פֿרײליין העסעל. הם—

בערניק. תחילת האָט זי געהאַט אַ גאַנצע מאַסע מימ מאָדנע פאַר-שטעלונגען מכח דער ליעבע. זי האָט באין אופן ניט געקענט פערשטעהן, אַז דער שטאַרקער פייער איהרער מוז ביסלאַכווייז איבערגעהן אין אַ מילדען פלאַם פון פריינדשאַפט.

פריילייןהעסעל. אָבער אַצונד האָט זי זיך שוין צוגעוועהנט דערצו?

בערניק. אין גאַנצען. דו קענסט זיך פאָרשטעלען, אַז דער טעג-ליכער פערקעהר מיט מיר איז ניט געבליבען אָהן אַ גרינדליכען איינפלוס אויף איהר. די מענשען מוזען זיך לערנען איינע די אַנדערע, אויב זיי ווילען ווי געהעריג אויספילען זייער פלאַץ אין דער געזעלשאַפט. דאָס האָט בעטטי וואָס ווייטער אַלץ מעהר איינגעזעהן, און דעריבער איז דאָס הויז אונזערס איצט אַ מוסטער-הויז פאַר אונ-זערע מיט-בירגער.

פריילייןהעסעל. אָבער די דאָזיגע מיט-בירגער ווייסען מן הסתם גאָרנישט מכח דיין ליגען?

בערניק. מיין ליגען?

פריילייןהעסעל. יאָ, מכח דעם ליגען, מיט וועלכען דו ביסט געווען אַרומגערינגעלט פופצעהן יאָהר נאָכאַנאַנד.

בערניק. און דאָס רופסט דו—?

פריילייןהעסעל. אַ ליגען. אַ דרייפאַכען ליגען. ראשית דער ליגען געגען דיך גופא; דערנאָך דער ליגען געגען בעטטי׳ן, און ענדליך דער ליגען געגען יאָהאַן׳ן.

בערניק. בעטטי האָט קיינמאָל ניט געפאָדערט, איך זאָל זיך מודה זיין.

פריילייןהעסעל. ווייל זי האָט גאָרנישט געוואוסט.

בערניק. און אויך דו וועסט עס ניט פערלאַנגען, וועסט האָבען איינזעהעניש מיט איהר.

פריילייןהעסעל. אַך ניין; איך וועל שוין יאַקאָש אַריבער-טראָגען דאָס לייטישע געלעכטער; נישקשה, כ׳האָב ברייטע פלייצעס.

בערניק. און יאָהאַן וועט עס אויך ניט פערלאַנגען; ער האָט עס מיר צוגעזאָגט.

פריילייןהעסעל. אָבער דו גופא, ריכאַרד? צי איז גאָרנישט דאָ אין דיר, גאָר קיין שום געפיהל ניט, וואָס זאָל דיך צוטרייבען אָבצושאָקלען פון זיך דעם ליגען?

בערניק. איך זאָל, הייסט עס, פרייוויליג, מיט מיינע אייגענע הענד מקריב זיין מיין פאַמיליען-גליק און מיין מעמד אין דער גע-זעלשאַפט?!

פריילייןהעסעל. וואָס פאַר אַ רעכט האָסט דו אויף דיין גליק?

בערניק. זינט פּופּצעהן יאָהר האָב איך טאָג-טעגליך געוואונען אַ שטיק פון דעם דאָזיגען רעכט—דורך מיין האַנדעל און וואַנדעל און דורך דעם וואָס איך האָב געווירקט און געשאַפען.

פּריילײן העסעל. און דו האָסט פיעל געטהאָן, פאַר זיך אַזוי גוט ווי פאַר אַנדערע. דו ביסט דער רייכסטער און שטאַרקסטער מאַן פון דער שטאָדט; אַלע בויגען זיך פאַר דיין ווילען, מחמת זיי האַלטען דיך פאַר אַ ריינעם מענשען אָהן אַ שום פלעק; דאָס הויז דיינס איז אַ מוסטער-הויז, דיין לעבען—אַ מוסטער-לעבען. אָבער אָט די הער-ליכקייט, די גאַנצע גדולה דיינע שטעהט אויף אַ טרייסעלדיגען זאַמ-דיגען זומפּ—און דו מיט איהר. ס'קען קומען אַ מאָמענט, אַ וואָרט קען אויסגערעדט ווערן—און דו געהסט צו גרונד מיט דיין גאַנצער גרויסקייט, אויב דו וועסט זיך בעצייטענס ניט זעהן ראַטעווען.

בערניק. לאָנאַ—וואָס ווילסט דו דאָ?

פּריילײן העסעל. כ'וויל דיר העלפען, ריכאַרד; כ'וויל דיר העלפען קריגען אַ פעסטען באָדען אונטער די פיס.

בערניק. נקמה! דו ווילסט זיך נוקם זיין! דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט! אָבער עס וועט זיך דיר ניט איינגעבען; דאָ איז פאַרהאַן נור איינער, וואָס האָט אַ רעכט צו ריידען, און דער שווייגט שטיל.

פּריילײן העסעל. יאָהאַן?

בערניק. יאָ, יאָהאַן. וועט אימיצער אַנדערש מיך וועלען אָנקלאָ-גען, וועל איך אַלצדינג אָבלייקענען. אָבער דאָס וועט דיר קיינמאָל ניט געלינגען, זאָג איך דיר! דער וואָס וואָלט מיך געקענט אומ-גליקליך מאַכען—דער וועט ניט ריידען—און ער פאָהרט אַוועק צוריק.

רומעל און וויגעלאַנד קומען פון רעכטס.

רומעל. גוטען טאָג, גוטען טאָג, ליעבער בערניק; דו מוזט מיט-קומען מיט אונז אין דעם סוחר'ישען פעראיין; דו ווייסט דאָך, מיר האָבען היינט אַ פערזאַמלונג מכח דער אייזענבאַהן.

בערניק. כ'קען ניט. אונמעגליך!

וויגעלאַנד. איהר מוזט מיטגעהן מיט אונז, הערר קאָנזול—

רומעל. דו מוזט, בערניק. פאַרהאַן דאָרט מענשען, וואָס אַר-בייטען געגען אונז. רעדאַקטאָר האַמער און די אַנדערע, וועלכע זיינען געוועזען פאַר די האַפען-ליניע, טענה'ן, אַז הינטער דעם נייעם פּלאַן שטעקען פּריוואַט-אינטערעסען.

בערניק. אַזוי? טאָ ערקלעהר זיי—

וויגעלאַנד. וואָס קומט אַרויס דערפון, וואָס מיר וועלען ער-קלעהרען, הערר קאָנזול—?

רומעל. ניין, ניין, דו מוזט אַליין מיטקומען; דיך וועט נאַטירליך קיינער קיין העזה ניט האָבען הושד צו זיין.

פֿ ר י י ל יי ן ה ע ס ע ל. כ׳מיין עפּעס אַזוי.

ב ע ר נ י ק. כ׳קען ניט, זאָג איך אייך, כ׳בין ניט געזונד... אָדער... ווייניגסטענס... כ׳מוז זיך אַפֿריהער אַרומקוקען אַביסעל.

ר אָ ה ר ל אַ נ ד קומט אַריין פֿון רעכטס.

ר אָ ה ר ל אַ ד. ענטשולדיגט, הערר קאָנזול; איהר זעהט מיך דאָ היינט אין אַ מורא׳דיג אויפֿגערעגטען צושטאַנד—

ב ע ר נ י ק. יאָ, יאָ, וואָס איז אייך פֿאָרט געשעהן?

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. כ׳מוז אייך עפּעס פֿרעגען, הערר קאָנזול. צי האָט איהר עס ערלויבט, אַז דאָס יונגע מיידעל, וואָס האָט געפֿונען אַהיים ביי אייך אין שטוב, זאָל אַרומגעהן איבער די גאַסען אינאיינעם מיט אַ מענשען, פֿון וועמען—

פֿ ר י י ל יי ן ה ע ס ע ל. וואָס פֿאַר אַ מענשען מיינט איהר, הערר פּאַסטאָר?

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. —מיט אַ מענשען, פֿון וועמען זי האָט געדאַרפֿט ווייכען מעהר איידער פֿון אַלע אַנדערע מענשען אויף גאָט׳ס ערד.

פֿ ר י י ל יי ן ה ע ס ע ל. אָהאָ!

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. איז דאָס מיט אייער רשות, הערר קאָנזול?

ב ע ר נ י ק (זוכענדיג דעם הוט און די האַנד-שוה). כ׳ווייס פֿון גאָר נישט צו זאָגען. ענטשולדיגט מיר; כ׳מוז געהן אין דעם פֿעראיין פֿון די קויפֿלייט.

ה י ל מ אַ ר (קומט פֿון גאָרטען און געהט צו צו דער הינטערשטער טהיר לינקס). בעטטי, בעטטי, קום אַקאָרשט אַהער!

מ אַ ד אַ ם ב ע ר נ י ק (ביי דער טהיר). וואָס איז דאָרטען?

ה י ל מ אַ ר. דו מוזט תיכף אַראָבגעהן אין גאָרטען און מאַכען אַ סוף צו דער ליעבעס-ערקלעהרונג, וואָס אַ געוויסע פּערזאָן ערלויבט זיך מאַכען דער דאָזיגער דינאַ דאָרף. איך בין שרעקליך נערוועז געוואָרען דערפֿון.

פֿ ר י י ל יי ן ה ע ס ע ל. אַזוי? און וואָס אַשטייגער האָט די פּערזאָן געזאָגט?

ה י ל מ אַ ר. נישט מעהר און נישט ווייניגער, נאָר זי זאָל מיטפֿאָה-רען קיין אַמעריקאַ. אוף, אוף!

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. ס׳איז ניט מעגליך!

מ אַ ד אַ ם ב ע ר נ י ק. וואָס רעדסט דו?

פֿ ר י י ל יי ן ה ע ס ע ל. אָבער דאָס וואָלט דאָך געווען גרויסאַרטיג!

ב ע ר נ י ק. אונמעגליך! דו האָסט געמוזט פֿערהערען!

ה י ל מ אַ ר. טאָ פֿרעג איהם אַליין. אָן קומט דאָס פּאָר׳ל. אָבער לאָז מיך נור אַרויס פֿון דער געשיכטע.

ב ע ר נ י ק (צו רומעל און וויגעלאַנד). כ׳געה שוין—אין אַ רגע—
(רומעל און וויגעלאַנד רעכטס אָב.)

יאָהאַן און דינאַ קומען אַריין פֿון גאָרטען.

יאָהאַן. הוראַה, לאָנאַ, זי פֿאָהרט מיט!

מאַדאַם בערניק. אָבער יאָהאַן—דו קינד וואָס דו ביסט—!

ראָהרלאַנד. איז עס מעגליך! אַזאַ הימעל-שרייענדער סקאַנ-דאַל!... מיט וואָס פֿאַר פערפֿיהרערישע קונץ-שטיק האָט איהר—

יאָהאַן. אָהן כעס, אָהן כעס, גוטער פֿריינד; וואָס זאָגט איהר דאָ?

ראָהרלאַנד. דינאַ, ענטפֿערט איהר מיר:—צי שטעקט דאָ אייער אייגענער ווילען דערביי—איז עס אייער פֿולער פֿרייער בעשלוס?

דינאַ. כ'מוז אָבפֿאָהרען פֿון דאַנעט.

ראָהרלאַנד. אָבער מיט איהם—מיט איהם!

דינאַ. רופֿט מיר אָן אימיצען אַנדערש, וואָס זאָל האָבען דעם מוטה מיך מיטצונעהמען.

ראָהרלאַנד. אויב אַזוי, זאָלט איהר אויך געוואָהר ווערן, ווער ער איז.

יאָהאַן. שווייגט שטיל!

בערניק. קיין וואָרט מעהר.

ראָהרלאַנד. זעהר שלעכט וואָלט איך אויף אַזאַ אופן געדיענט דער געזעלשאַפֿט, וועמעס מאָראַל און אויפֿפֿיהרונגען איך האָב די אויפֿגאַבע אָבצוהיטען; און אונפֿעראַנטוואָרטליך וואָלט געווען מיין האַנדלונג אַנטקעגען דאָס דאָזיגע יונגע מיידעל, אין וועמעס ערציהונג איך האָב אויך גענומען אַ היבשען אָנטהייל און וועלכע האָט מיר—

יאָהאַן. היט זיך, זאָג איך אייך!

ראָהרלאַנד. זי מוז עס וויסען! דינאַ, דאָס איז דער מאַן, וועל-כער האָט געבראַכט דאָס גאַנצע אומגליק און די שאַנדע איבער אייער מוטער!

בערניק. הערר פרעדיגער—!

דינאַ. ער! (צו יאָהאַן.) ס'איז אמת?

יאָהאַן. ריכאַרד, ענטפֿער דו!

בערניק. קיין וואָרט מעהר! על כל פנים היינט קיין וואָרט מעהר!

דינאַ. אַלזאָ אמת—!

ראָהרלאַנד. יאָ אמת, אמת! און נאָך מעהר אידער דאָס. אָט דער מענש, אין וועמען איהר האָט זיך איינגעגלויבט, איז ניט מיט ליידיגע הענד אַוועק;—דער אַלמנה בערניק'ס קאַסע—; דער קאָנזול קען דערויף עדות זאָגען!

פֿריילעין העסעל. ליגנער!

בערניק. האַ—!

מאַדאַם בערניק. אָה גאָט! אָה גאָט!

יאָהאַן (זיך אַ לאָז געבענדיג צו איהם מיט אויפֿגעהויבענע אָרעמס). און דאָס דערוועגט איהר זיך—!

פֿריילייןהעסעל (האַלט איהם אָב). יאָהאַן, דו וועסט איהם ניט שלאָגען!

ראָהרלאַנד. נו יאָ, איהר קענט מיך שלאָגען, אַז איהר ווילט. אָבער דער אמת זאָל אַרויס; און עס איז אמת. קאָנזול בערניק האָט עס אַליין געזאָגט, און די גאַנצע שטאָדט ווייסט עס.— אָט אַזוי, דינאַ, אַצונד קענט איהר איהם. (קורצע פויזע.)

יאָהאַן (שטיל, אָננעהמענדיג בערניק׳ן ביים אָרם). ריכאַרד, ריכאַרד, וואָס האָסט דו פֿאָרט געטהאָן!

מאַדאַם בערניק (מיט אַ פֿערדריקטער שטימע און מיט טרעהרען אין די אויגען). אָה ריכאַרד, און אָט די גאַנצע שאַנדע האָב איך דאָס געבראַכט אויף דיר!

אַלטסטעדט (קומט שנעל אַריין פֿון רעכטס און רופֿט, די האַנד אויף דער טהיר-קליאַמקע). איהר מוזט אָהן אַ שום תירוץ שוין מיט-קומען, הערר קאָנזול! די אייזענבאַהן הייגגט אויף אַ האָר!

בערניק (צומישט). וואָס איז? וואָס זאָל איך—?

פֿריילייןהעסעל (ערנסט און שאַרף). דו מוזט געהן שטיצען די געזעלשאַפֿט, שוואָגער.

אַלטסטעדט. יאָ, קומט, קומט; מיר מוזען נייטיג האָבען אייער גאַנצען מאָראַלישען איינפֿלוס.

יאָהאַן (גאַנץ נאָהענט לעבען איהם). בערניק—מאָרגען וועלען מיר זיך דורכשמועסען! (ער געהט אַוועק דורך׳ן גאָרטען. בערניק געהט אַזוי ווי ניט ווילענדיג אַרויס דורך דער טהיר רעכטס מיט אַלטסטעדט׳ן.)





# דריטער אקט.

---

## דער גאָרטען־סאַלאָן ביי קאָנזול בערניק אין הויז.

בערניק מיט אַ שטעקיל אין האַנד, קומט אַרויס אויסער זיך פֿאַר כעס פֿון דעם הינטערשטען צימער לינקס און לאָזט די טהיר האַלב אָפֿען הינטער זיך.

בערניק. נאַ! האָב איך עס ענדליך געטהאָן אויף צו׳ן אמת׳ן. די שמיץ, מיין איך, ווعט ער אַזוי גיך ניט פֿערגעסען. (צו אימיצען אין צימער.) וואָס זאָגסט דו? — און איך זאָג דיר, דו ביסט אַ נאַרישע מוטער! דו פֿערענטפֿערסט איהם, דו נעהמסט זיך אָן פֿאַר איהם יעדעס מאָל, וואָס ער טהוט אָב זיינע לויפֿערישע שטיק. — ס׳איז ניט קיין לויפֿערישע שטיק, זאָגסט דו? ווי דען רופֿסט דו דאָס? זיך אַרויסגנב׳ענען ביינאַכט פֿון הויז, אַרויספֿאָהרען מיט די פֿישער אויף׳ן ים, ביז צעהן אַזייגער אין דער פֿריה, איך זאָל ניט וויסען וואָס איבערצוקלעהרען און שיעור ניט שטאַרבען פֿון אַנגסט און שרעק — איך, וואָס איך האָב אַזוי פֿיעל אַנדערע דאגות אויף׳ן קאָפּ! און דערצו סמייעט נאָך דער קליינער לומפ צו סטראַשען, אז ער ווعט אַנטלויפֿען! ער ווعט עס נאָך טהאָן אַמאָל! — דו? נו יאָ, דאָס פֿערשטעה איך גאַנץ גוט; דיך אַרט וויניג וואָס פֿון איהם ווعט ווערן: ב׳מיין, אַז ווען ער זאָל דער׳הרג׳ט ווערן—! — אַזוי גאָר? ווعט זיין פֿערפֿאַלען? אָבער מיר לוינט זיך כלל ניט צו ווערן אַ בעזדיעטניק. — אַלזאָ, מאַך ניט קיין טענות, בעטטי; ס׳בלייבט אַזוי ווי איך האָב בעשטימט; ער טהאָר ניט אַרויס פֿון שטוב — (הערט זיך צו.) שטיל, זאָל קיינער גאָרנישט מערקען.

קראַפּ קומט פֿון רעכטס.

קראַפּ. איהר האָט אפשר אַ מינוט צייט, הערר קאָנזול?

בערניק (אַוועקוואַרפֿענדיג דאָס שטעקעל פֿון האַנד.) אַוודאי, אַוודאי. איהר קומט פֿון דאָק?

קראַפּ. יאָ, דירעקט פֿון דאָרט. הם —

בערניק. נו? ס׳איז דאָך ניט עפּעס נייעס מיט׳ן „טייטעלבוים"—?

קראַפּ. דער „טייטעלבוים" קען מאָרגען אָבפֿאָהרען, אָבער—

בערניק. די „גאַזעלע" הייסט עס? דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דער דאָזיגער עקשן—

קראַפּ. די „גאַזעלע" קען אויך מאָרגען אָבפֿאָהרען; נאָר—ווייט קומט זי געוויס ניט!

בערניק. וואָס מיינט איהר דערמיט?

קראַפ. פֿערציייהט, הערר קאָנזול; די טהיר דאָ איז האַלב אָפֿען און איך מיין, אימיצער איז דאָרט פֿאַרהאַן—

בערניק (פֿערשליסט די טהיר). נאַ. אָבער וואָס איז פֿאָרט געשעהן אַזוינס, וואָס קיינער טהאָר עס ניט הערען?

קראַפ. וואָס דאָס איז?... דער שיפֿבויער אַולער האָט בדעה צו לאָזען אונטערגעהן די „גאַזעלע" מיט אַלע מענשען, וואָס זי וועט האָבען אויף זיך.

בערניק. אָבער גאָט מיינער, ווי קענט איהר דאָס גלויבען—?

קראַפ. אַנדערש קען איך זיך דאָס גאָר ניט ערקלעהרען, הערר קאָנזול.

בערניק. נו, טאָ זאָגט מיר בקיצור—

קראַפ. עס זאָל געשעהן. איהר ווייסט דאָך אַליין, ווי לאַנגזאַם ס'איז צוגעגאַנגען ביי אונז אויף'ן דאָק, זינט מיר האָבען די נייע מאַשינען און די נייע ניט-געניטע אַרבייטער—

בערניק. יאָ, יאָ.

קראַפ. אָבער אַז איך בין היינט אין דער פֿריה אַרונטערגעקומען, האָב איך דערזעהן, אַז עס האַלט גאַנץ ווייט, צו ווייט, מוז מען זאָגען, מיט דער אַרבייט ביים אַמעריקאַנישען שיף; דער גרויסער שפּאַלט אויף'ן דנאָ,—איהר ווייסט דאָך, דער פֿאָלשטענדיג פֿערפֿויל-טער פלאַץ—

בערניק. יאָ, יאָ,—נו?

קראַפ. אין גאַנצען פֿעררעכט—לפנים, פֿערשטעהט זיך; אָבגע-פֿאַרבט; האָט אויסגעזעהן אָקוראַט ווי ניי; כ'האָב געהערט, אַז אַולער האָט אַ גאַנצע נאַכט געאַרבייט אונטען פֿאַר אַ ליכט.

בערניק. יאָ, יאָ, און—

קראַפ. בין איך צוגעגאַנגען און זיך גוט צוגעקוקט; דער עולם איז גראָד געווען ביים אָנבייסען און איך האָב געקענט אונבעמערק-טערהייט בעטראַכטען דאָס שיף פֿון אינעווייניג און פֿון דרויסען; ס'איז מיר אָנגעקומען מיט שווערער מיה, אַרונטערצוגעהן אין דאָס אָנגע-לאָדענע שיף. דאָס איז ניט קיין גלאַטע אַרבייט, הערר קאָנזול.

בערניק. דאָס גלויבט זיך מיר ניט, הערר קראַפּ. כ'וויל ניט, כ'קען ניט גלויבען אַזאַ זאַך אויף אַולער'ן.

קראַפ. טהוט מיר שטאַרק לייד,—ס'איז אָבער די ריינע וואַהר-הייט. דאָס איז אַ געמיינע, מיאוס'ע זאַך, זאָג איך. קיין נייע באַלקענס האָט ער ניט געלייגט, אַזוי ווייט ווי איך האָב געקענט געוואָהר ווערן; נאָר איינפֿאַך מיט דינע ברעטער פֿערקלאַפּט, פֿערשטאָפּט און פֿערלאַטעט. אַן איינפֿאַכער הוזק! די „גאַזעלע" וועט אין לעבענסטאָג ניט קומען ביז נויאָרק; זי וועט אונטערגעהן אַזוי ווי אַ געפלאַצטער טאָפּ.

בערניק. דאָס איז דאָך שרעקליך. אָבער, כ'בעט אייך, וואָס פֿאַר אַ כונה קען ער דערביי האָבען?

קראַפּ. אָט אַפּנים ער וויל דיסקרעדיטירען די מאַשינען; זיך נוקם זיין וויל ער; ער וויל, אַז די אַלטע אַרבייטער זאָלען צוריק אָנגענומען ווערן צו דער אַרבייט.

בערניק. און ער אָפּפּערט אויף אַזאַ'ן אופן פּילייכט אויף אָט די אַלע מענשענס-לעבענס—

קראַפּ. דאָ ניט לאַנג האָט ער געזאָגט: דאָס זיינען ניט קיין מענשען, די וואָס געפֿינען זיך אויף דער „גאַזעלע"—נאָר איינפֿאַכע חיות.

בערניק. נו יאָ, יאָ, ס'קען זיין; אָבער צי האָט ער גאָר קיין איינזעהעניש ניט מיט דעם גרויסען קאַפּיטאַל, וואָס קען דאָ פֿערלאָרען געהן?

קראַפּ. אַולער האָט ווינציג וואָס איינזעהעניש מיט'ן גרויסען קאַפּיטאַל, הערר קאָנזול.

בערניק. אודאי, אודאי; ער איז אַן אויפֿהעצער; אָבער אַזאַ געוויסענלאָזער טריט—הערט איהר, הערר קראַפּ; אַזאַ זאַך מוז צוויי מאָל אונטערזוכט ווערן. קיין האַלב וואָרט זאָל ניט אַרויסגעבראַכט ווערן פֿאַר קיינעם ניט! אונזער פֿירמאַ וועט דאַרפֿען טראָגען די שאַנדע, אַז דער עולם וועט זיך דערוויסען מכח דעם.

קראַפּ. פֿערשטעהט זיך, אָבער—

בערניק. מיטאָג-צייט מוזט איהר זעהן ווידער אַמאָל אַרונטער-געהן; מיר מוזען האָבען פֿולע געוויסהייט אין דער זאַך.

קראַפּ. זעהר ריכטיג, הערר קאָנזול; אָבער ערלויבט—וואָס האָט איהר בדעה דאַן צו טהאָן?

בערניק. גאַטירליך בעקאַנט מאַכען די זאַך פֿאַר אַלעמען. מיר קענען דאָך ניט ווערן קיין מיטשולדיגע, קיין שותפים אין אַזאַ פֿער-ברעכען. כ'מוז מיין געוויסען ריין האַלטען. אַחוץ דעם וועט עס אי-בערהויפּט מאַכען אַ גוטען רושם אין דער פּרעסע און אין דער געזעלשאַפֿט, אַז מען וועט זעהן, אַז איך לייג אַוועק אַלע פּערזענ-ליכע זאַכען אָן אַ זייט, ווען עס האַנדעלט זיך וועגען גערעכטיגקייט.

קראַפּ. זעהר וואַהר, הערר קאָנזול.

בערניק. אָבער קודם כל פֿולע איבערצייגונג. און קיין וואָרט ניט ביז דאַן—

קראַפּ. קיין וואָרט ניט, הערר קאָנזול; און געוויסהייט,—דאָס זאָלט איהר האָבען. (ער געהט אַרויס דורך'ן גאָרטען און אַרונטער די גאַס.)

בערניק (פֿאַר זיך). הימעלשרייענד! אָבער ניין, דאָס איז דאָך

איינפֿאַך אונמעגליך—גאָר ניט בעגרייפֿליך! (בעת ער וויל אַריינגעהן צו זיך אין צימער, קומט הילמאַר אָן פֿון רעכטס.)

הילמאַר. גוטען טאָג, בערניק! נאַ, כ׳ווינש דיר גליק צו דיין נעכטיגען זיעג אין דעם סיחר׳ישען פֿעראיין.

בערניק. אַ דאַנק.

הילמאַר. ס׳איז, הייסט עס, געווען גאָר אַ גלענצענדער זיעג, ווי איך הער,—אַ נצחון פֿון דעם אינטעליגענטען בירגער-גייסט איבער עגאָאיזמוס און פֿאָראורטהייל,—אָקוראַט ווי אַ פֿראַנצויזישער אָנפֿאַל אויף די קאַבילען... מערקווירדיג, אַז דיר האָט זיך דאָך איינגעגעבען נאָך דער ניט-אַנגענעהמער סצענע דאָ—

בערניק. יאָ, יאָ, לאָז צורוה וועגען דעם!

הילמאַר. אָבער די הויפט שלאַכט איז נאָך ניט געשלאָגען געוואָרען.

בערניק. מכח דער אייזענבאַהן, מיינסט דו?

הילמאַר. יאָ; דו ווייסט דאָך, וואָס רעדאַקטאָר האַמער פּלאַ-נעוועט?

בערניק (געשפאַנט). ניין! וואָס פֿאָרט?

הילמאַר. ער האָט אויפֿגעכאַפּט דעם קלאַנג, וואָס געהט דאָ איצט אַרום, און מכח דעם וויל ער אַרויספּלאַצען מיט אַן אַרטיקעל.

בערניק. וואָס פֿאַר אַ קלאַנג?

הילמאַר. פֿערשטעהט זיך, מכח די גרויסע אויפֿקויפֿען פֿון שטי-קער לאַנד לעבען דער צווייג-ליניע פֿון דער אייזענבאַהן.

בערניק. וואָס רעדסט דו? אַזאַ קלאַנג איז דאָ פֿערשפּרייט?

הילמאַר. יאָ; אין דער גאַנצער שטאָדט. אָקאָרשט האָב איך עס געהערט אין קלוב. איינער פֿון אונזערע אַדוואָקאַטען, הייסט עס, האָט בשתיקה אויפֿגעקויפֿט אַלע וועלדער, אַלע מיענען, אַלע וואַסער-פֿאַלען א. אַז. וו.

בערניק. און מען זאָגט אפשר אויך, פֿאַר וועמען ער האָט עס אויפֿגעקויפֿט?

הילמאַר. אין קלוב דיינקט מען, אַז עס מוז זיין אַ דרויסענדיגע קאָמפּאַניע, וועלכע איז געוואָהר געוואָרען, וואָס דו האָסט בדעה צו טהאָן, און וועלכע האָט זיך צוגעאיילט, איידער דאָס לאַנד ווערט טהייער... איז דאָס ניט נידערטרעכטיג?

בערניק. נידערטרעכטיג?

הילמאַר. נו יאָ—ס׳געהערט אַן אַקט! פֿרעמדע זאָלען זיך אויף אַזאַ׳ן אופן אַריינשפּאַרען אין אונזער געגענד! און דאָס וואָס אַן אַדוואָקאַט דאָ פֿון אונזער שטאָדט האָט זיך נאָך געקענט אָבגעבען דערמיט! נו, הייסט עס אַלזאָ, אַז פֿרעמדע לייט זיינען דאָ גרעסערע יחסנים פֿון אונז.

בערניק. אָבער עס איז דאָך נאָך אַלעמען נור א סלוך, אַן אונ-בּ׳שטימטע זאַך—?

הילמאַר. וועלכע ווערט פונדעסטוועגען געגלויבט, און מאָרגען אָדער איבערמאָרגען וועט עס רעדאַקטאָר האַמער, פערשטעהט זיך, פעסטשטעלען אַלס ווירקליכקייט, אַלס פאַקט. די ערביטערונג איז שוין אַן אַלגעמיינע. כ׳האָב שוין געהערט פערשיעדענע מענשען זאָגען, אַז אויב דער קלאַנג זאָל זיך בעשטעטיגען, וועלען זיי לאָזען אויס-מעקען זייערע נעמען פון צעטעל.

בערניק. ס׳קען ניט זיין!

הילמאַר. אַזוי גאָר? פאַרוואָס, מיינסט דו, זיינען די דאָזיגע קרעמערשע נשמות אַזוי גרייט צו זיין שותפים אין דיין אונטערנעה-מונג? אָט אַפנים דו מיינסט, זיי פאָסמאַקעווען זיך שוין ניט מיט דער ערוואַרטונג פון—?

בערניק. ס׳איז ניט מעגליך, זאָג איך דיר! אַזוי פיעל געפיהל פאַר טובת הכלל איז דאָך נאָך פאַרהאַן ביי אונז אין אונזער קליינער געזעלשאַפט—

הילמאַר. דאָ? נו יאָ, דו ביסט דאָך אַן אָפּטימיסט, און דו אור-טהיילסט איבער אַנדערע לויט ווי דו ביסט אַליין. אָבער איך, וואָס איך בין גאָר גישקשה פון אַ מבין אויף די זאַכען—הערסט דו? דאָ איז ניטאָ קיין איינער—פון אונז; אַליין איז דאָך ניט די רייד—קיין איינציגער, זאָג איך, וואָס זאָל קענען האַלטען חויך די גייסטיגע פאָהן. (לאָזט זיך געהן צום הינטערגרונד.) אוף, אוף, אָט זיינען זיי שוין ווידער דאָ!

בערניק. ווער?

הילמאַר. די צוויי אַמעריקאַנער. (קוקט אַרויס רעכטס.) און ווער געהט עס דאָרט מיט זיי? יאָ, בנאמנות, דאָס איז דאָך דער קאַפּיטאַן פון דער „גאַזעלע״! אוף, אוף!

בערניק. וואָס פאַר געשעפטען האָבען זיי פאָרט מיט דעם דאָ?

הילמאַר. אָה, דאָס איז דאָך אַ גאַנץ פאַסענדע קאָמפּאַניע. ער, ווי מען זאָגט, איז אַמאָל געווען אַ שקלאַפען-הענדלער אָדער אַ ים-רויבער; און ווער ווייס מיט וואָס די אַנדערע האָבען זיך אין משך פון די אַלע יאָהרען אָבגעגעבען?

בערניק. איך זאָג דיר, ס׳איז אַ גרויסע עולה, וואָס דו רעדסט אַזוי וועגען זיי.

הילמאַר. נו אודאי, דו ביסט דאָך אַן אָפּטימיסט. אָבער אָט האָ-בען מיר זיי, פערשטעהט זיך, שוין ווידער אויף׳ן האַלז; איך וועל זיך דעריבער אָבטראָגען, אַזוי לאַנג ס׳איז נאָך דאָ צייט... (לאָזט זיך עהן צו דער טהיר לינקס.)

פ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל קומט פֿון רעכטס.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. זאָג נאָר אַקאָרשט, הילמאַר, בין איך דאָס, וואָס פֿעריאָגט דיך פֿון דאַנעט ?

ה י ל מ א ר. חלילה... כ׳האָב קיין צייט ניט... כ׳מוז עפּעס ריידען מיט בעטטי׳ן. (געהט אַריין אין דעם הינטערשטען צימער לינקס.)

ב ע ר נ י ק (נאָך אַ קורצער פּויזע). נו, לאָנאַ ?

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. יאָ, נו...

ב ע ר נ י ק. וואָס פֿאַר אַ מיינונג האָסט דו היינט פֿון מיר ?

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. אָקוראַט ווי נעכטען, אַ ליגען מעהר אָדער ווייניגער—

ב ע ר נ י ק. דו מוזט אַביסעל בעסער אַריינקוקען אין דער זאַך. וואו איז ערגעץ יאָהאַן ?

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. ער קומט ; ער האָט עפּעס געהאַט וואָס צו ריידען מיט אַ מאַן.

ב ע ר נ י ק נאָכדעם וואָס דו האָסט נעכטען געהערט, ווערסט דו פֿערשטעהן, אַז מיין גאַנצע עקזיסטענץ איז פֿערניכטעט, ווען דער אמת זאָל אויפֿגעדעקט ווערן.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. דאָס בעגרייף איך.

ב ע ר נ י ק. ס׳פֿערשטעהט זיך נאַטירליך פֿון זיך אַליין, אַז איך בין ניט געווען דער שולדיגער אין דעם כלומר׳שטען פֿערברעכען, וועגען וועלכען ס׳האָט זיך דאָ פֿערשפּרייט דער קלאַנג.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. נו אודאי, דאָס פֿערשטעהט זיך פֿון זיך אַליין. אָבער ווער פֿאָרט איז דער גנב געווען ?

ב ע ר נ י ק. ס׳איז גאָר ניט געווען קיין גנב. ס׳איז גאָרניט גע׳גנב׳עט געוואָרען קיין שום געלד ; קיין איין שילינג האָט ניט געפֿעהלט פֿון דער קאַסע.

פֿ ר י י ר י י ן ה ע ס ע ל. וואָס—?

ב ע ר נ י ק. ניט איין שילינג, זאָג איך דיר.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. אָבער דער קלאַנג ? ווי אַזוי איז אַרויס דער שענדליכער קלאַנג, אַז יאָהאַן—?

ב ע ר נ י ק. לאָנאַ, כ׳מיין, מיט דיר קען איך ריידען ווי מיט קיין אַנדערן ; כ׳וויל פֿון דיר גאָרנישט פֿערלייקענען. א י ך האָב אַ חלק אין דעם, וואָס דער קלאַנג האָט זיך פֿערשפּרייט.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. דו ? און דאָס האָסט דו געקענט טהאָן אַנטקעגען דעם, וואָס האָט זיך פֿון דיינעטוועגען—!

ב ע ר נ י ק. דו טהאָרפֿסט מיך ניט פֿעראורטהיילען, איידער דו בעקלעהרסט, ווי אַזוי די זאַך איז דעמאָלט געשטאַנען. כ׳האָב עס דיר נעכטען דערצעהלט. אַז איך בין געקומען צוריק אַהיים, האָב איך געפֿונען מיין מוטער פֿערפּלאָנטערט אין אַ גאַנצע רייהע פֿון מאָדנע

אונטערנעהמונגען; דערצו אומגליקען פֿון יעדען סאָרט; עפּעס האָט עס אויסגעזעהן, אָקוראַט ווי אַלדאָס בייז וואָלט זיך מיט אַמאָל אַ לאָז געטהאָן אויף אונז; דאָס הויז אונזערס איז געווען נאָהענט בייס אונטערגאַנג. איך בין געוועזן האַלב לייכטזיניג, האַלב פֿערצווייפֿעלט.

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. הם—

ב ע ר נ י ק. לאָנאַ, דו קענסט זיך משער זיין, וויפֿיעל ערליי קלאַנגען עס האָבען זיך גענומען פֿערשפּרייטען, בעת דו און יאָהאַן זייט אַוועק־געפֿאָהרען. דאָס איז על כל פנים ניט זיין ערשטער לייכטזיניגער טריט, האָט געזאָגט איינער;—דאָרף האָט אודאי געקראָגען פֿון איהם אַ מטמון מיט געלד, כדי ער זאָל מאַכען אַ שווייג און לאָזען זיין פֿרוי צורוה, האָט דערצעהלט אַן אַנדערער. אין דערזעלביגער צייט איז בעקאַנט געוואָרען, אַז ס׳איז זעהר שווער געוואָרען פֿאַר אונזער פֿירמאַ צו בעצאָהלען די חובות איהרע. וואָס זשע האָט נאָך געקענט זיין נאַטירליכער איידער דאָס, וואָס די פּלוידערזעק האָבען צונויפֿגע־מישט די דאָזיגע ביידע קלאַנגען איינס מיט׳ן אַנדערן? אַז זי איז דאָ געבליבען און האָט געפֿיהרט אַן אָרים, קלעגליך לעבען, האָט מען געזאָגט, אַז ער האָט דאָס געלד מיטגענומען מיט זיך אין אַמעריקאַ, און וואָס ווייטער דער קלאַנג איז געגאַנגען, אַלץ גרעסער איז די סומע געוואָרען.

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. און דו, ריכאַרד—?

ב ע ר נ י ק. איך האָב זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם דאָזיגען קלאַנג אַזוי ווי אַ טרינקענדער כאַפּט זיך אָן אָן אַ שטרוי.

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. כדי עס נאָך ווייטער צו פֿערשפּרייטען...?

ב ע ר נ י ק. כ׳האָב עס ניט אָבגעלייקענט. די בעלי חובות האָבען זיך אָנגעזעצט אויף אונז; מען האָט זיי געמוזט בערוהיגען; ס׳איז געגאַנגען אין דעם, אַוועקצומאַכען מיט יעטוועדען צווייפֿעל אין דער פֿעסטקייט פֿון אונזער פֿירמאַ; אַ מאָמענטאַנעס אונגליק האָט אונז געטראָפֿען,—אַז מען זאָל אונז נור ניט צושפּאַרען!— ווען מען זאָל אונז נור געבען אַביסעל צייט!—דאַן וועט יעדער איינער אָבקריגען דאָס זייניגע!

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. און יעדער האָט טאַקי אָבגעקראָגען דאָס זייניגע?

ב ע ר נ י ק. יאָ, לאָנאַ, דער דאָזיגער קלאַנג האָט געראַטעוועט אונזער הויז און האָט מיך געמאַכט פֿאַר דעם מאַן, וואָס איך בין אַצונד.

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. אַ ליגען אַלזאָ האָט דיך געמאַכט פֿאַר דעם מאַן, וואָס דו ביסט אַצונד...

ב ע ר נ י ק. וועמען האָט עס דען דעמאָלט געשאָדט? יאָהאַן האָט בדעה געהאַט, קיינמאָל ניט צוריקצוקומען אַהער.

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. דו פֿרעגסט, ווענען עס האָט געשאָרט? קוק אַקאָרשט אַריין צו זיך אינעווענינ און זאָג מיר, צי האָסט דו דערפֿון קיין שום שאָדען ניט געהאַט!

ב ע ר נ י ק. פרוביר אַקאָרשט דורכקוקען דאָס אינעוויינינגסטע פֿון יעטוועדען מענשען,—ביי יעדען איינעם וועסט דו געפֿינען לכל הפחות א י י ן דונקעלן פונקט, וואָס מוז בלייבען פֿערשטעלט!

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. און איהר רופֿט זיך דאָס די שטיצען, די זיילען פֿון דער געזעלשאַפֿט!

ב ע ר נ י ק. זי האָט ניט קיין בעסערע.

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. און וואָס זשע איז דאָ די נפקא מינה, צי אַזאַ געזעלשאַפֿט ווערט געשטיצט אָדער ניט? וואָס געהט דאָ אָן ביי אייך? צבוע׳יאַטסטוואָ און ליגען—ווייטער גאָרנישט. אָט לעבסט דו זיך דאָ, דער ערשטער, דער בכבוד׳יגסטער מאַן אין שטאָדט, אין פֿרייד און גלאַנץ, אין כבוד און אין גדולה,—דו, וואָס דו האָסט אַרויפֿגעדריקט אַן אומשולדיגען מענשען דעם פֿערברעכער צייכען אויף׳ן שטערן!

ב ע ר נ י ק. וואָס זשע, דו מיינסט איך פֿיהל ניט טיעף גענוג דאָס אונרעכט, וואָס איך האָב אַנטקעגען איהם בעגאַנגען? דו מיינסט, איך בין ניט גרייט, עס ווידער גוט צו מאַכען?

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. מיט וואָס? דערמיט וואָס דו וועסט זיך מודה זיין בפני כל עם ועדה?

ב ע ר נ י ק. און דאָס קענסט דו פֿון מיר פֿערלאַנגען?

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. וואָס זשע פֿאַר אַן אַנדער זאַך קען גוט מאַכען אַזאַ מין אונרעכט?

ב ע ר נ י ק. איך בין רייך, לאָנאַ; יאָהאַן קען שטעלען סיי וואָס פֿאַר אַ פֿאָדערונג—

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. יאָ, דערוועג זיך נאָר איהם אָנבאָטען געלד, וועסט דו שוין הערען, וואָס ער וועט דיר ענטפֿערן.

ב ע ר נ י ק. דו ווייסט אפשר, וואָס ער האָט בדעה צו טהאָן?

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. ניין; פֿון נעכטען אָן איז ער גאַנץ פֿערשלאָסען אין זיך. עס זעהט אויס, אַזוי ווי דאָס אַלעס וואָלט איהם מיט אַמאָל געמאַכט פֿאַר אַ גאַנצען זעלבסטשטענדיגען מאַן.

ב ע ר נ י ק. איך מוז ריידען מיט איהם!

פֿ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. אָט איז ער.

י אָ ה אַ ן קומט פֿון רעכטס.

ב ע ר נ י ק (געהט איהם אַנטקעגען). יאָהאַן—!

י אָ ה אַ ן (אַ מאַך געבענדיג מיט דער האַנד). צוערשט א י ך. נעכטען אין דערפֿריה האָב איך דיר געגעבען מיין וואָרט צו שווייגען.

בערניק. דאָס האָסט דו געטהאָן.

יאָהאַן. אָבער דאַן האָב איך נאָך ניט געוואוסט—

בערניק. יאָהאַן, לאָמיך דיר ערקלעהרען אין אַ פּאָר ווערטער פֿון וואַנעט דאָס האָט זיך גענומען.

יאָהאַן. ניט נייטיג; כ'בין מיר שוין משער פֿון וואַנעט דאָס קומט. אייער הויז איז דעמאָלט געוועזן אין אַ שווערער, קריטישער לאַגע; און אַזוי ווי איך בין אַוועקגעפֿאָהרען און דו האָסט געקענט טהאָן וואָס דו האָסט געוואָלט מיט דעם גוטען נאָמען פֿון אַ מענשען, וואָס האָט זיך ניט געקענט ווערהרען—נו מילא, כ'וויל ניט שטאַרק פֿאַראיבעל האָבען אויף דיר דערפֿאַר; מיר זיינען דאַן ביידע געוועזן יונג און לייכטזיניג. אָבער איצט מוז איך האָבען דעם ריינעם אמת און דו מוזט אַלזאָ ריידען.

בערניק. און גראָד אַצונד מוז איך נייטיג האָבען מיין גאַנצען מאָראַלישען אָנזעהן, און דעריבער קען איך איצט ניט ריידען.

יאָהאַן. די ניט געשטויגענע מעשיות, וואָס דו האָסט פֿערשפרייט צווישען עולם, געהען מיך ווייניג וואָס אָן; אָבער דאָס אַנדערע,— דערפֿאַר מוזט דו נעהמען אויף זיך די שולד. דינאַ מוז ווערן מיין פֿרוי, און דאָ, דאָ אין דער דאָזיגער שטאָדט וועל איך מיט איהר לע-בען און וואוינען.

פֿרייליין העסעל. דאָ?

בערניק. מיט דינאַ! פֿאַר דיין פֿרוי? דאָ אין דער שטאָדט!

יאָהאַן. יאָ, פּונקט דאָ. איך וועל בלייבען דאָ אויף צו להכעיס די אַלע ליגענס און פֿערליימדונגען. אָבער כדי זי צו געווינען, איז אונבעדינגט נייטיג, אַז איך זאָל זיין אין גאַנצען ריין, אָהן אַ שום פֿלעק.

בערניק. האָסט דו בערעכענט, אַז ווען איך זאָל נעהמען אויף מיר איין זאַך, גיב איך שוין דערמיט צו די אַנדערע אויך? דו וועסט זאָגען, איך וואָלט געקענט דערוויזען פֿון אונזערע ביכער, אַז ס'איז קיין שום שווינדעל ניט געמאַכט געוואָרען? אָבער דאָס קען איך ניט; די ביכער אונזערע זיינען דעמאָלט ניט ריכטיג און פּינקטליך געפֿיהרט געוואָרען. און אפילו ווען איך וואָלט עס שוין געקענט,— וואָס וואָלט איך דערמיט געוואונען? וואָלט איך יעדענפֿאַלס ניט גע-בליבען דער מאַן, וואָס האָט זיך אַמאָל געראַטעוועט מיט אַ ליגען און דערנאָך פּופּצעהן יאָהר נאָכאַנאַנד געהאַלטען אין איין פֿערשפּריי-טען דעם דאָזיגען ליגען און אַלע אַנדערע בבא מעשיות, ניט מאַ-כענדיג אין דער גאַנצער צייט קיין איינציגען טריט דאָס אָבצולייקענען? דו קענסט ניט די געזעלשאַפֿט אונזערע, אַניט וואָלסט דו געוואוסט, אַז דאָס קען מאַכען פֿון מיר אַ תל.

יאָהאַן. כ׳קען דיר נור ענטפֿערן, אַז איך וויל האָבען מאַדאַם דאָרף׳ס טאָכטער פֿאַר אַ פֿרוי און לעבען מיט איהר דאָ אין דער דאָ-זיגער שטאָדט.

בערניק. (זיך אָבווישענדיג דעם שוייס פֿון שטערן). הער מיך אויס, יאָהאַן,—און דו אויך, לאָנאַ. ס׳איז ניט קיין געוועהנליכע לאַגע, אין וועלכע איך געפֿין מיך גראָד די טעג. דאָס איז אַזאַ מין צושטאַנד, אַז אויב דער קלאַפּ זאָל מיך טרעפֿען, דאַן וועט איהר מיך אין גאַנ-צען פֿערניכטען,—און ניט בלויז מיך אַליין,—ניין, אויך די גרויסע גליקליכע צוקונפֿט פֿון אַ געזעלשאַפֿט, צו וועלכער איהר געהערט דורך אייער געבורט.

יאָהאַן. און אויב איך זאָל דיר ניט געבען דעם קלאַפּ, דאַן מאַך איך אַליין מיט מיינע אייגענע הענד אַ תל פֿון מיין גאַנצען צוקונפֿטיגען גליק.

פֿריילין העסעל. וויימער בערניק.

בערניק. אַלזאָ הערט אויס. ס׳האָט צו טהאָן מיט דער אייזענבאַהן; די זאַך איז ניט אַזוי גלאַט ווי איהר שטעלט זיך פֿאָר. איהר האָט אודאי געמוזט הערען, אַז פֿאָריגעס יאָהר איז דאָ געוועזען אַ רייד וועגעז בויען אַן אייזענבאַהן, וואָס זאָל פֿערבינדען די אַלע פּלעצער, וואָס ליגען ביים וואַסער, אַ האַפֿען-ליניע הייסט עס. אָט די ליניע האָט דאָ אין שטאָדט און אין דער אומגעגענד געהאַט פֿיעל אָנהייג-גער, דער עיקר האָט מען אין דער פרעסע שטאַרק אַגיטירט דערפֿאַר; אָבער מיר האָט זיך איינגעגעבען אָבצושלאָגען דעם פּלאַן, מחמת די דאָזיגע באַהן וואָלט שטאַרק געשעדיגט אונזערע דאַמפּף-שיפֿען.

פֿריילין העסעל. דו ביסט, הייסט עס, אַליין אַ שותף אין דער שיפֿען-פֿירמאַ.

בערניק. יאָ, אָבער קיינער האָט ניט געסמייעט מיך חושד צו זיין צוליעב דעם; מיין רעספּעקטירטער נאָמען האָט מיך בעשיצט און בעשירמט דערפֿון. איבעריגענס וואָלט איך נאָך ווי עס איז געקענט אַריבער-טראָגען דעם היזק; אָבער אונזער שטאָדט וואָלט עס ניט געקענט דערטראָגען און מחמת דעם האָט מען אויסגעקליבען די מיטעל-ליניע. אַז דאָס איז געשעהן, האָב איך זיך בשתיקה ערקונדיגט, צי וואָלט מען ניט געקענט מאַכען אַ צווייג-ליניע צו אונז אין שטאָדט.

פֿריילין העסעל. פֿאַרוואָס עפּעס בשתיקה, בערניק?

בערניק. האָט איהר געהערט מכח דעם גרויסען אויפֿקויף פֿון וועלדער, מיענען און וואַסערפֿאַלען—?

יאָהאַן. יאָ, מען זאָגט, אַ דרויסענדיגע קאָמפּאַניע זאָל עס האָבען אויפֿגעקויפֿט.

בערניק. אָט די שטיקער ערד, אַזוי ווי זיי זיינען איצט, האָבען

במעט גאָר קיין ווערטה ניט פֿאַר די צושפּרייטע און צוזעטע בעלי בתים זייערע; דעריבער האָט מען זיי פֿערקויפֿט גאַנץ ביליג. ווען מען וואָלט געוואַרט דערמיט ביז די ידיעה מכח דער צווייג-ליניע פֿון דער אייזענבאַהן וואָלט פֿערשפּרייט געוואָרען, דאַן וואָלטען די בעלי בתים פֿערלאַנגט אונפֿערשעהמטע פּרייזען.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. יאָ, יאָ; אָבער—

ב ע ר נ י ק. אַצונד קומט דאָס, וואָס מען קען פֿערטייטשען אויף פֿערשיעדענע ערלייי אופנים,—דאָס וואָס אַ מאַן אין אונזער געזעל-שאַפֿט קען נור דאַן אַרויסזאָגען אָפֿען, ווען ער קען זיך שטיצען אויף אַ ריינעם און געאַכטעטען נאָמען.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. נו?

ב ע ר נ י ק. דאָס בין איך עס דער, וואָס האָט אַלעס צונויפֿגעקויפֿט.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. דו?

י אָ ה אַ ן. אויף דיין אייגענעם חשבון?

ב ע ר נ י ק. אויף מיין אייגענעם חשבון. ווערט אַ לאַד מיט דער צווייג-ליניע, וועל איך זיין אַ מיליאָנער; ווערט עס ניט דורכגעהן, בין איך אַ רואינירטער מענש.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. דאָס הייסט איינגעשטעלט, בערניק.

ב ע ר נ י ק. מיין גאַנץ פֿערמעגען האָב איך איינגעשטעלט אין דעם.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. וועגען דעם פֿערמעגען טראַכט איך ניט; אָבער ווען מען וועט זיך דערוויסען, אַז —

ב ע ר נ י ק. יאָ, דאָס איז די הויפּט זאַך! מיט דעם ריינעם, אונבע-פֿלעקטען נאָמען, וועלכען איך האָב ביז אַהער געטראָגען, קען איך גאַנץ רוהיג נעהמען די זאַך אויף מיינע פּלייצעס, צו קומען צו מיינע מיטבירגער און זיי זאָגען: זעהט, דאָס האָב איך געוואַגט צו טהאָן לטובת דער געזעלשאַפֿט!

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. דער געזעלשאַפֿט?

ב ע ר נ י ק. יאָ; און קיין א י י נ ע ר וועט ניט צווייפֿלען אין מיינע גוטע אַבזיכטען.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. נאַ, זיינען דאָך דאָ פֿאַרהאַן מענער, וואָס וואָלטען געהאַנדעלט אָפֿענער איידער דו, — אָהן הינטער-געדאַנקען, אָהן פֿערדרעהענישען.

ב ע ר נ י ק. ווער אַשטייגער?

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. רומעל און אַלטסטעדט און וויגעלאַנד — פֿערשטעהט זיך.

ב ע ר נ י ק. כדי אָט די אויף מיין זייט צו געווינען, בין איך גע-צוואונגען געווען אויסזאָגען זיי דעם סוד.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. און דערנאָך — ?

בערניק. אַ פֿינפֿטעל פֿון דעם פּראָפֿיט האָבען זיי אויסגעדונגען פֿאַר זיך.

פֿרייליין העסעל. אָה, אָט די שטיצען פֿון דער געזעלשאַפֿט!

בערניק. און איז עס דען ניט די געזעלשאַפֿט גופא, וועלכע צווינגט אונז צו געהן מיט הינטער-וועגען? וואָס וואָלט דאָ אַ שטיי־גער געשעהן, ווען איך וואָלט ניט אַלעס געטהאָן בסוד? תיכף וואָל־טען זיך אַלע מיט אַמאָל אַ וואָרף געטהאָן איוף דער אונטערנעהמונג, זיי וואָלטען דאָס גאַנצע צוריסען, צוטהיילט, צופיצעלט און איבערגע־פֿיהרט. ניטאָ קיין איינציגער מאַן דאָ אין שטאָדט אַחוץ מיר, וואָס זאָל וויסען ווי צו פֿיהרען אַזאַ גרויס געשעפֿט, ווי דאָס דאָזיגע וועט ווערען; דאָ אין לאַנד זיינען די איינגעוואַנדערטע פֿאַמיליען די איינציגע, וועל־כע האָבען די פֿעהיגקייט צו פֿיהרען גרויסע געשעפֿטען. מחמת דעם טאַקי ווערט מיין געוויסען ריין אין דעם דאָזיגען פרט. בלויז ביי מיר אין די הענד וועלען אָט די אַלע שטיקער לאַנד האָבען אַ מזל ברכה פֿאַר די טויזענדער, וועמען זיי וועלען פֿערשאַפֿען ברויט.

פֿרייליין העסעל. דעריין ביסט דו אפשר גערעכט, בערניק.

יאָהאַן. אָבער איך קען זיי ניט, אָט די טויזענדער, און דאָס גליק פֿון מיין לעבען איז דאָ איינגעשטעלט אין קאָן.

בערניק. דאָס גליק פֿון דיין געבורטס-שטאָדט איז פונקט אַזוי איינגעשטעלט ווי דיין אייגענס. אַז מען זאָל זיך דערוויסען מכח די זאַכען, וואָס קענען וואַרפֿען אַ שאָטען אויף מיין פֿריהערדיגען לעבען, דאַן וועלען אַלע מיינע געגנער מיט פֿעראייניגטע כוחות זיך אַרויפֿ־וואַרפֿען איוף מיר. אַ נאַרישקייט, וואָס מען טהוט אָב אין דער יוגענד, קען אין אונזער געזעלשאַפֿט קיינמאָל ניט פֿערגעסען ווערן. מען וועט פֿונאַנדערנעהמען דאָס גאַנצע לעבען מיינס, טויזענד קליינע פּאַסירונ־גען וועט מען צוגליעדערן און עס פֿערטייטשען אין דעם זינן פֿון דעם אַמאָליגען לייכטזיניגען שריט מייגעם; מען וועט מיך צומאָלען אויף שטויב אונטער דער לאַסט פֿון די פֿערשיעדענע קלאַגגען און פֿער־לוימדונגען. פֿון דער אייזענבאַהן-אונטערנעהמונג וועל איך זיך אַלזאָ מוזען צוריקציהען; און קוים נעהם איך צו מיין האַנד דערפֿון, דאַן פֿאַלט עס און איך בין אַ רואינירטער, אַ בירגערליך-טויטער מענש!

פֿרייליין העסעל. יאָהאַן, נאָכדעם וואָס דו האָסט איצט געהערט, מוזט דו אַוועקפֿאָהרען און שווייגען.

בערניק. יאָ יאָ, יאָהאַן, דאָס מוזט דו!

יאָהאַן. יאָ, איך וועל אַוועקפֿאָהרען און שווייגען; אָבער איך וועל צוריקקומען, און דאַן וועל איך ריידען.

בערניק. בלייב דאָרט, יאָהאַן; שווייג און איך וועל זיך גערן טהיילען מיט דיר —

יאָהאַן. האַלט דאָס געלד פֿאַר דיר, אָבער גיב מיר אָב מיין גוטען נאָמען!

בערניק. און מיין אייגענעם אָפּפֿערן!

יאָהאַן. דאָס קענט איהר, דו און די געזעלשאַפֿט דיינע, אָבמאַכען צווישען זיך. איך מוז און וויל געווינען דינאַ׳ן פֿאַר מיר. דעריבער פֿאָהר איך שוין מאָרגען אָב מיט דער „גאַזעלע״ —

בערניק (לעבעדיג). מיט דער „גאַזעלע״?

יאָהאַן. יאָ. דער קאַפּיטאַן האָט מיר צוגעזאָגט מיטצונעהמען. כ׳פֿאָהר אַריבער, זאָג איך, פֿערקויף מיין פֿאַרם און מאַך אַ לאַד מיט מיינע געשעפֿטען. אין צוויי חדשים אַרום בין איך דאָ צוריק.

בערניק. און דאַן האָסט דו ברעה צו ריידען?

יאָהאַן. דאַן זאָל דער שולדיגער נעהמען די שולד אויף זיך אַליין.

בערניק. דו פֿערגעסט, אַז איך וועל דאַן מוזען נעהמען אויף זיך אויך דאָס, אין וואָס איך בין גאָר ניט שולדיג?

יאָהאַן. ווער האָט מיט פֿופֿצעהן יאָהר צוריק געצויגען נוצען פֿון דעם דאָזיגען שענדליכען קלאַנג?

בערניק. דו טרייבסט מיך פֿון די כלים אַרויס! אָבער טאָמער רעדסט דו אויס אַ וואָרט, וועל איך אַלצדינג אָבלייקענען! כ׳וועל זאָגען, ס׳איז אַ פֿערשווערונג געגען מיך! — זיך נוקם צו זיין אָן מיר! — דו ביסט אַריבערגעקומען אַהער אויסצאַפּען געלד ביי מיר!

פֿריילין העסעל. שעהמען מעגסט דו זיך, ריכאַרד!

בערניק. כ׳בין אין פֿערצווייפֿלונג, זאָג איך אייך; און איך קעמפף פֿאַר מיין לעבען! כ׳וועל אָבלייקענען אַלעס, אַלעס!

יאָהאַן. נאַ, אויב ס׳וועט האַלטען דערביי, האָב איך דיינע ביידע בריעף. ביי מיר אין קופֿער האָב איך זיי געפֿונען צווישען מיינע אַנדערע פּאַפּירען. היינט אין דער פֿריה האָב איך זיי ווידער אַמאָל דורכגעלייענט; זיי זיינען פֿול מיט בעוויזע.

בערניק. און דו ווילסט אָט די בריעף פֿאָרלעגען אַלס בעוויזע געגען מיר?

יאָהאַן. אַז ס׳וועט נייטיג זיין.

בערניק. און אין צוויי חדשים אַרום וועסט דו דאָ זיין צוריק?

יאָהאַן. אַזוי האָף איך. דער ווינד איז גוט. אין דריי וואָכען צייט בין איך אין נויאָרק — אַז די „גאַזעלע״ וועט ניט אונטערגעהן.

בערניק (ערשטוינט). אונטערגעהן? פֿאַרוואָס עפּעס זאָל די „גאַזעלע״ אונטערגעהן?

יאָהאַן. יאָ, דאָס זאָג איך טאַקי.

בערניק (קוים וואָס מען הערט איהם). אונטערגעהן?

יאָהאַן. נאַ, בערניק, ווייסט דו אַלזאָ, וואו עס האַלט אין דער

וועלט; דערווייל קענסט דו זיך מישב זיין מיט זיך אַליין, זיי געזונד! בעטטי'ן קענסט דו לאָזען גריסען פֿון מיינעטוועגען, כאָטש זי האָט מיך ניט אויפֿגענומען ווי אַ שוועסטער. אָבער מאַרטהאַ'ן מוז איך אַקאָרשט זעהן. זי זאָל זאָגען דינאַ'ן... זי זאָל פֿאַר מיר אַ גוט וואָרט ריידען... (ער געהט אַוועק דורך דער הינטערשטער טהיר לינקס.)

בערניק (צו זיך אַליין). די „גאַזועלע" — ? (אויף גיך.) לאָנאַ, דו טהאָרסט עס ניט צולאָזען!

פֿרייליין העסעל. דו זעהסט דאָך אַליין, ריכאַרד, — איך האָב שוין מעהר קיין איינפֿלוס ניט אויף איהם. (זי געהט נאָך יאָהאַן'ן אין צימער לינקס.)

בערניק (אין אונרוהיגע געדאַנקען). אונטערגעהן — ?

שיפֿבויער אולער קומט פֿון רעכטס.

אַולער. פֿערצייהט, הערר קאָנזול, כ'קום אפֿשר ניט אין דער רעכטער צייט?

בערניק (זיך אומדרעהענדיג מיט כעס.) וואָס ווילט איהר?

אַולער. כ'וואָלט אייך גערן געוואָלט עפעס פֿרעגען, הערר קאָנזול.

בערניק. גוט, אָבער אויף גיך! וואָס האָט איהר צו פֿרעגען?

אַולער. כ'וואָלט געוואָלט פֿרעגען, צי עס איז ביי אייך אַבגעמאַכט — פֿעסט אָבגעמאַכט — אַז איך וועל אָבגעזאָגט ווערן פֿון מיין שטעלע, אויב די „גאַזועלע" וועט מאָרגען ניט קענען אָבפֿאָהרען פֿון דאַנעט?

בערניק. וואָס הייסט דאָס? דאָס שיף וועט דאָך זיין גרייט אָבצופֿאָהרען.

אַולער. יאָ — ס'וועט זיין גרייט. אָבער ווען עס וואָלט ניט געווען, — וואָלט איך דאַן אָבגעזאָגט געוואָרען?

בערניק. וואָס טויגען אָט די איבעריגע פֿראַגען?

אַולער. כ'וואָלט אַזוי גערן געוואָלט וויסען בעשטימט, הערר קאָנזול. זאָגט מיר דעריבער די איין זאַך: איך וואָלט דאַן אָבגעזאָגט געוואָרען?

בערניק. פֿלעג איך אַמאָל צוריקנעהמען מיין וואָרט אָדער ניט?

אַולער. איך וואָלט אַלזאָ מאָרגען פֿערלאָרען די פּאָזיציאָן, וועלכע איך פֿערנעהם ביי מיר אין דערהיים און צווישען די, וואָס שטעהען מיר אַם נאָהנטסטען, — כ'וואָלט מיין איינפֿלוס אין די אַרבייטער-קרייזען פֿערלאָרען, יעדע געלעגענהייט גוטס צו טהאָן פֿאַר די אָרימע און ערנידעריגטע אין דער געזעלשאַפֿט!...

בערניק. אַולער —

אַולער. גוט, דאַן מוז אַלזאָ די „גאַזועלע" אָבפֿאָהרען. (קורצע פּויזע.)

בערניק. הערט אויס: כ'קען ניט האַלטען די אויגען אָנגעשטעלט

איבעראַל; כ׳קען ניט זיין פֿעראַנטוואָרטליך פֿאַר אַלצדינג; — איהר מוזט מיר דאָך פֿערזיכערן, אַז איהר האָט דאָס שיף פֿעררוכט ווי געהעריג איז.

אַולער. איהר האָט מיר געגעבען צו ווייניג צייט, הערר קאָנזול.

בערניק. אָבער, ניט אמת, דאָס שיף איז פֿעררוכט ווי געהעריג איז?

אַולער. ס׳איז דאָך איצט אַזאַ פֿיין וועטער און — אין מיטען זומער. (ווידער אַ פויזע.)

בערניק. איהר האָט מיר נאָך וואָס צו זאָגען?

אַולער. ווייטער נישט, הערר קאָנזול...

בערניק. אַלזאָ — די „גאַזעלע" — פֿאָהרט אָב —

אַולער. מאָרגען?

בערניק. יאָ.

אַולער. גוט. (גריסט און געהט אַוועק.)

בערניק שטעהט אַ רגע אונענטשלאָסען; דאַן געהט ער אויף גיך צו צו דער טהיר, אָקוראַט ווי ער וואָלט געוואָלט אַולער׳ן צוריקרופֿען, ער בלייבט אָבער שטעהן אומרוהיג מיט דער האַנד אויף׳ן שלאָס. אין דערזעלבער רגע ווערט די טהיר געעפֿענט פֿון דרויסען און קראַפּ קומט אַריין.

קראַפּ (שטילערהייט). אַהאַ; ער איז געווען דאָ. האָט ער זיך מודה געווען?

בערניק. הם... איהר האָט עפּעס אויסגעפֿונען?

קראַפּ. וואָס דאַרף מען נאָך מעהר? וואָס זשע, מען האָט דען ניט געקענט לייענען די רשעות זיינע ביי איהם אין די אויגען, הערר קאָנזול?

בערניק. ווייס איך וואָס! — אַזעלכע זאַכען מערקט מען ניט. איהר האָט עפּעס אויסגעפֿונען — יאָ צי ניין?

קראַפּ. כ׳האָב ניט געקענט צוקומען; ס׳איז געווען צו שפּעט; זיי האָבען שוין געהאַלטען דערביי, אַרויסצופֿיהרען דאָס שיף פֿון ברעג. אָבער גראָד אָט די איילעניש בעווייזט קלאָהר, אַז —

בערניק. ס׳בעווייזט גאָר נישט. מען האָט אַלזאָ אַלעס דורכגעקוקט?

קראַפּ. פֿערשטעהט זיך; אָבער —

בערניק. זעהט איהר שוין! און מען האָט נאַטירליך גאָר נישט געפֿונען וואָס אויסצוזעצען?

קראַפּ. הערר קאָנזול, איהר ווייסט דאָך גאַנץ גוט, ווי אַזעלכע אונטערזוכונגען ווערען געמאַכט, דער עיקר אויף אַ דאָק, וואָס האָט אַזאַ גוטען נאָמען ווי אונזערער.

בערניק. ס׳מאַכט גאָר ניט אויס; על כל פנים מיר זיינען שוין מעהר ניט פֿעראַנטוואָרטליך דערפֿאַר.

קראַפּ. הערר קאָנזול, איהר האָט טאַקי ניט געקענט אָנזעהן ביי אַולער׳ן אויף׳ן פנים, אַז — ?

בערניק. אַולער האָט מיך פֿאָלקאָם בערוהיגט, זאָג איך אַייך.

קראַפּ. און איך זאָג אייך, כ׳בין מאָראַליש איבערצייגט, אַז —

בערניק. וואָס הייסט דאָס אַזוינס, הערר קראַפּ ?... כ׳ווייס גאַנץ גוט, אַז איהר האָט אַ האַרץ אויף אַולער׳ן; אָבער אויב איהר ווילט איהם דערלאַנגען אַ קלאַפּ, מוזט איהר אויסזוכען עפּעס אַן אַנדער פּריטשינע. איהר ווייסט גאַנץ גוט, ווי ס׳געהט מיר — אָדער בעסער געזאָגט, די שיפּ-קאָמפּאַניע — אין דעם, אַז די „גאַזעלע" זאָל מאָרגען אָבפֿאָהרען.

קראַפּ. גוט, גוט... זאָל זיין אַזוי... אָבער אויב מיר ווען נאָך אַמאָל הערען פֿון דעם דאָזיגען שיף... הם !

קויפֿמאַן וויגעלאַנד קומט פֿון רעכטס.

וויגעלאַנד. ווי געהט׳ס, הערר קאָנזול ? איהר האָט אפשר צייט אַ רגע ?

בערניק. פֿערשטעהט זיך, הערר וויגעלאַנד.

וויגעלאַנד. יאָ, כ׳וואָלט בלויז געוואָלט הערען, צי זייט איהר אויך איינשטימיג, אַז דער „טייטעלבוים" זאָל אָבפֿאָהרען מאָרגען ?

בערניק. אודאי; דאָס איז דאָך אַן אָבגעמאַכטע זאַך.

וויגעלאַנד. אָבער נאָר וואָס קומט דער קאַפּיטאַן צוגעהן צו מיר און זאָגט, אַז עס זיינען פֿאַרהאַן סימנים אויף אַ שטורם...

קראַפּ. דאָס באַראָמעטער איז ווירקליך זינט היינט אין דער פֿריה שטאַרק געפֿאַלען.

בערניק. טאַקי ? מען קען זיך אַלזאָ ווירקליך ריכטען אויף אַ שטורם ?

וויגעלאַנד. על כל פנים אַ זעהר שטאַרקער ווינד; אָבער ניט קיין געגען-ווינד; אדרבה —

בערניק. הם... יאָ, וואָס זאָגט איהר דערצו ?

וויגעלאַנד. איך זאָג דאָס, וואָס איך האָב נאָר וואָס געזאָגט דעם קאַפּיטאַן: דער „טייטעלבוים" ליגט ביי דעם בורא אין די הענד און אַחוץ דעם געהט עס דאָך דערווייל בלויז איבער׳ן נאָרד-ים; און אין ענגלאַנד האַלט די פֿראַכט אַצונד אויף אַזאַ אַנשטענדיג הויכען פּרייז, אַז —

בערניק. יאָ, מיר וועלען וואַהרשיינליך פֿערלירען דערביי, ווען מיר זאָלען נאָך וואַרטען.

וויגעלאַנד. דאָס שיף איז דאָך אַזוי שטאַרק, און אַחוץ דעם

פאָלשטענדיג פערזיכערט. נאַ, פאַר דער „גאַזעלע״, פערשטעהט זיך, איז דאָך די ריזיקע אַסך גרעסער —

ב ע ר נ י ק. וואָס מיינט איהר דערמיט?

וו י ג ע ל אַ נ ד. די פאָהרט דאָך אויך אָב מאָרגען.

ב ע ר נ י ק. יאָ, די בעלי בתים פון שיף האָבען אַזוי געיאָגט, און דערצו נאָך —

וו י ג ע ל אַ נ ד. נו, אַז דער אַלטער קאַסטען קען זיך דערוועגען אַרויסגעהן אין ים — און דערצו נאָך מיט אַזעלכע מאַטראָזען — וואָלט ווירקליך געווען אַ חרפה, מיר זאָלען ניט —

ב ע ר נ י ק. גוט, גוט. איהר האָט דאָך מן הסתם די שיפס-פאַפּירען מיט זיך?

וו י ג ע ל אַ נ ד. יאָ, דאָ.

ב ע ר נ י ק. גוט; ווילט איהר זיך מטריח זיין אַ ווײַלע מיט הערר קראַפ?

ק ר אַ פ. ביטע! מיר וועלען זיי גלייך צורעכט מאַכען.

וו י ג ע ל אַ נ ד. זעהר שעהן. — און דעם ערפאָלג, הערר קאָנזול, וועלען מיר איבערלאָזען ביי דעם אַלמעכטיגען אין די הענד. (ער געהט אַריין מיט קראַפ׳ן אין דאָס ערשטע צימער לינקס.)

דורך׳ן גאָרטען קומט אַריין וויצע-פרעדיגער ר אָ ה ר ל אַ נ ד.

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. אַה, ווי קומט עס? איהר זייט גאָר אין דערהיים, הערר קאָנזול?

ב ע ר נ י ק (פערטראַכט). ווי איהר זעהט.

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. יאָ, כ׳קום אייגענטליך וועגען אייער פרוי. כ׳האָב גערעכענט, אַז זי דאַרף אפשר אַ טרייסט-וואָרט—

ב ע ר נ י ק. גאַנץ מעגליך. אָבער איך אַליין וואָלט גערן געוואָלט עפּעס ריידען מיט אייך.

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. ס׳פרעהט מיך, הערר קאָנזול. אָבער וואָס איז אייך פאָרט? איהר זעהט אויס אַזוי בלייך און צוטראָגען.

ב ע ר נ י ק. איך? זעה איך ווירקליך אַזוי אויס? נו יאָ, ווי קען עס דען אַנדערש זיין,—ביי דעם אַלעם, וואָס האָט זיך אַצונד אָנגעקליבען אַרום מיר! מיין גאַנץ גרויס געשעפט,—און דערצו נאָך די אייזענבאַהן-אונטערנעהמונג... הערט אויס... ערלויבט מיר אַ וואָרט, הערר וויצע-פריידיגער, אַ פראַגע.

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. מיט׳ן גרעסטען פערגניגען, הערר קאָנזול.

ב ע ר נ י ק. ס׳איז מיר נאָר וואָס אַרויף אַ געדאַנק אויף׳ן זינען... אַז מען שטעהט פאַר אַזאַ גרויסאַרטיגע אונטערנעהמונג,—פאַר אַן אונטערנעהמונג, וואָס האָט דעם צוועק צו בעגליקען טויזענדער מענשען... ווי איז, אַז די דאָזיגע אונטערנעהמונג, הייסט עס, זאָל פאָדערן איין איינציגען קרבן—?

ראָהרלאַנד. כ'פֿערשטעה ניט אָקוראַט וואָס איהר מיינט.

בערניק. לאָמיר נעהמען אַ ביישפּיעל. אימיצער וויל אויפֿשטעלען אַ גרויסע פֿאַבריק, ער ווייסט גאַנץ בעשטימט—מחמת דאָס האָט איהם די לאַנג-יעהריגע ערפֿאַהרונג געלערנט—אַז פֿריהער אָדער שפּעטער וועט דאָס לעבען פֿון מענשען צו גרונד געהן ביי דער אַרבייט אין דער דאָזיגער פֿאַבריק...

ראָהרלאַנד. יאָ, וועגען דעם קען כמעט קיין צווייפֿעל ניט זיין...

בערניק. אָדער ס'נעהמט זיך אימיצער צו דער מינען-אינדוסטריע. ער נעהמט אויף פֿאַמיליען-פֿאָטערס אַזוי גוט ווי יונגע לעבענס-פֿרישע מענער צו דער אַרבייט. צי קען מען דאָ ניט זאָגען אויף געוויס, אַז ניט אָט די אַלע אַרבייטער וועלען אַרויס מיט'ן לעבען דערפֿון?

ראָהרלאַנד. יאָ, איהר זייט ליידער גערעכט.

בערניק. נו גוט. אַזאַ מאַן ווייסט אַלזאָ פֿאָראויס, אַז די אונטערנעהמונג, וועלכע ער האָט בדעה דורכצופֿיהרען, וועט גאָר אָהן אַ שום ספק ווען עס איז קאָסטען מענשען-לעבענס. אָבער אָט די אונטערנעהמונג איז פֿון גרויסען נוצען פֿאַר'ן כלל; פֿאַר יעדעס מענשען-לעבען, וואָס עס קאָסט, וועט עס פּונקט אַזוי גוט ברייננגען גליק און זעגען פֿאַר הונדערטער, יאָ, פֿאַר טויזענדער מענשען.

ראָהרלאַנד. אַהאַ, איהר האָט מן הסתם אין זינען די אייזענבאַהן,—אָט די אַלע ערד-אַרבייטען און שפּרענגונגען, וועלכע זיינען פֿערבונדען מיט אַזוי פֿיעל געפֿאַהר—

בערניק. יאָ—אודאי; כ'האָב אין זינען די אייזענבאַהן. און אחוץ דעם,—צוליעב דער אייזענבאַהן וועלען זיך דאָך אויך עפֿענען פֿאַבריקען און מינען-אַרבייט. אָבער מיינט איהר ניט, אַז—

ראָהרלאַנד. ליעבער הערר קאָנזול, כ'זאָג אייך דעם אמת, איהר זייט שוין צו געוויסענהאַפֿט. אַשטייגער ווען איהר לאָזט איבער די אונטערנעהמונג אייערע ביי גאָט אין דער האַנד—

בערניק. יאָ—נו יאָ—גאָט—

ראָהרלאַנד.— דאַן דאַרפֿט איהר זיך גאָרניט אָבעסען דאָס האַרץ דערפֿון. איהר קענט זיך גאַנץ רוהיג נעהמען צו אייער אייזענבאַהן.

בערניק. יאָ, אָבער איך וויל אייך דאָ פֿאָרלייגען אַ גאַנץ בעזונדערן פֿאַל. לאָמיר אָננעהמען, אַז מיר האָבען צו מאַכען אַ טונעל, וואָס מוז דורכגעהאַקט ווערן אין אַ געפֿעהרליכען אָרט. אָהן דעם טונעל קען די אייזענבאַהן ניט פֿאַרטיג ווערן. אָנגענומען, דער אינזשעניר ווייסט, אַז דער אַרבייטער, וואָס שפּרענגט די מינע, מוז פֿערלירען זיין לעבען; אָבער געשפּרענגט מוז זי דאָך ווערן, און עס איז דעם אינזשענירס פֿליכט, אַריינצושיקען אַן אַרבייטער, אום זי אָנצוצינדען...

ראָהרלאַנד. הם—

בערניק. כ׳ווייס, וואָס איהר ווילט זאָגען. ס׳וואָלט געווען אַ גרויסע טהאַט, ווען דער אינזשעניר אַליין זאָל נעהמען דעם ברענענדען קנויט און אונטערצינדען די מינע. אָבער אַזעלכע זאַכען טהוט מען ניט. ער מוז אַלזאָ אָפּפּערן אַן אַרבייטער.

ראָהרלאַנד. דאָס וואָלט אַן אינזשעניר ביי אונז קיינמאָל ניט געטהאָן.

בערניק. אין די גרויסע לענדער וואָלט קיין אינזשעניר ניט אי־בערגעטראַכט אפילו, אַז עס וואָלט געהאַלטען דערביי.

ראָהרלאַנד, אין די גרויסע לענדער? נו יאָ, דאָס פערשטעהט זיך דאָך. אין יענער פּערדאָרבענער און געוויסענלאָזער געזעלשאַפט—

בערניק. אָה, יענע געזעלשאַפט האָט דאָך וואָס גוטעס אין זיך!

ראָהרלאַנד. און דאָס קענט איהר זאָגען, איהר, וואָס איהר האָט אַליין—!

בערניק. אין דער גרויסער געזעלשאַפט געפינט מען דאָך פונ־דעסטוועגען פּלאַץ, דורכצופיהרען אַ ניצליכע אונטערנעהמונג;—דאָרט האָט מען דעם מוטה צו אָפּפּערן וואָס עס איז פאַר אַ גרויסער זאַך,— אָבער דאָ איז מען געבונדען און פערשקלאַפּט צו אַלערליי קליי־ניגקייטען.

ראָהרלאַנד. וואָס זשע, אַ מענשענלעבען איז ביי אייך אַ קליי־ניגקייט?

בערניק. ווען דאָס דאָזיגע מענשענלעבען שטעהט אין וועג דאָס גליק פון טויזענדער—

ראָהרלאַנד. אָבער איהר נעהמט דאָך אָן אַזעלכע זאַכען, וואָס לייגען זיך גאָרניט אויף׳ן שכל, העדר קאָנזול! אסור מיר, צו איך פערשטעהע אייך גאָר. איהר ברייננגט אַ ראיה פון דער גרויסער געזעל־שאַפט. נו יאָ, דאָרט אין אויסלאַנד—וואָס פאַר אַ בעטרעף האָט דאָרט אַ מענשענלעבען? ראָרט רעכענט מען זיך מיט מענשענלעבענס אַזוי ווי מיט קאַפּיטאַלען. אָבער מיר שטעהען דאָך עפּעס אויף אַ גאַנץ אַנדערן מאָראַלישען שטאַנדפונקט, דוכט זיך. גיט נור אַ קוק אויף אונזערע עהרליכע שיפס־געזעלשאַפטען! רופט מיר אָן איין איינ־ציגען סוחר דאָ, וואָס וואָלט געפּועל׳ט ביי זיך צו אָפּפּערן מיט איין איינציגען מענשענלעבען צוליעב פּערדיענסט! און דאַן דיינקט פון יענע שורקען אין דער גרויסער געזעלשאַפט, וואָס צוליעב פּראָפיט שיקען זיי אַרויס איין צובראָכען שיף נאָך׳ן אַנדערן אין ים אַריין—

בערניק, פון צובראָכענע שיפען רייד איך ניט!

ראָהרלאַנד. אָבער איך רייד דערפון, העדר קאָנזול.

בערניק. יאָ—אָבער—צו וואָס? דאָס האָט דאָך גאָרנישט וואָס צו טהאָן מיט אונזער ענין.—אָה, אָט די אַלע קלייניגקייטען! ווען ביי אונז

זאָל טרעפֿען, אַז אַ גענעראַל זאָל אַרויספֿיהרען זיינע סאָלדאַטען אין שלאַכט און זיי לאָזען דערשיסען—וואָלט ער דערנאָך ניט געקענט שלאָפֿען פֿון האַרצוויטאָג. אַזוי געהט ניט צו ערגעץ אַנדערש. איהר האָט געדאַרפֿט הערען, וואָס דער דאָ אינעווייניג דערצעהלט—

ראָהרלאַנד. דער?... ווער?... דער אַמעריקאַנער—?

בערניק. יאָ, איהר האָט געדאַרפט הערען, ווי ס'פיהרט זיך אין אַמעריקאַ—

ראָהרלאַנד. איז דער דאָ? און איהר האָט עס מיר נישט גע-זאָגט! כ'וועל תיכף—

בערניק. אַן עבירה אייער מיה; איהר וועט גאָרנישט מאַכען מיט איהם.

ראָהרלאַנד. דאָס וועלען מיר נאָך זעהן... אַה, אָט האָבען מיר איהם!

יאָהאַן טענעסען קומט אַרויס פֿון'ם צימער לינקס.

יאָהאַן (רעדט אַריין צוריק אין דער אָפֿענער טהיר). יאָ, יאָ, דינאַ; דערביי בלייבט עס; כ'וועל איהר ניט איבערלאָזען. כ'וועל צוריקקומען און דאַן וועט אַלעס גוט ווערן צווישען אונז!

ראָהרלאַנד. פֿערצייהט, וואָס מיינט איהר דערמיט? וואָס ווילט איהר?

יאָהאַן. איך וויל, אַז דאָס יונגע מיידעל, פֿאַר וועמען איהר האָט מיך נעכטען אַזוי שענדליך פֿערליימדעט, זאָל ווערען מיין פֿרוי.

ראָהרלאַנד. אייערע? און איהר שטעלט זיך פֿאָר, אַז—?!

יאָהאַן. —אַז זי וועט זיין מיין פֿרוי.

ראָהרלאַנד. נו, דאַן זאָלט איהר עפּעס געוואָהר ווערען—(געהט צו צו דער האַלב-אָפֿענער טהיר.) מאַדאַם בערניק, ווילט איהר אַזוי גוט זיין און זיין אַן עדות—און איהר אויך, פֿרייליין מאַרטהאַ.. און זאָל דינאַ אויך קומען. (דערזעהט פֿרייליין העסעל.) אַה, איהר זייט אויך דאָ?

פֿרייליין העסעל (אין דער טהיר). זאָל איך אויך אַריינקומען?

ראָהרלאַנד. אַזוי פֿיעל וויפֿיעל עס ווילען נור; וואָס מעהר אַלץ בעסער.

בערניק. וואָס ווילט איהר דאָ טהאָן?

פֿרייליין העסעל, מאַדאַם בערניק, פֿרייליין בערניק, דינאַ און הילמאַר טענעסען קומען אַרויס פֿון צימער.

מאַדאַם בערניק. הערר וויצע-פּרעדיגער, מיט מיין בעסטען ווילען האָב איך איהם ניט געקענט אָבהאַלטען—

ראָהרלאַנד. איך וועל איהם שוין אָבהאַלטען דערפֿון, מאַדאַם בערניק!—דינאַ, איהר זייט אַ לייכטזיניג מיידעל. אָבער איך וויל קיי

טענות ניט האָבען צו אייך דערפֿאַר. איהר זייט צו לאַנג געשטאַנען דאָ אָהן דער מאָראַלישער שטיצע, וואָס האָט אייך אייגענטליך געראַפֿט אויפֿהאַלטען, כ׳בעשולדיג זיך אַליין, וואָס איך האָב אייך ביז אַהער ניט געגעבען די דאָזיגע שטיצע...

דינאַ. איהר דאַרפֿט יעצט ניט ריידען!

מאַדאַם בערניק. אָבער וואָס קומט דאָ פֿאָר?

ראָהרלאַנד. גראָד איצט מוז איך ריידען, כאָטש אייער בענעהמען זיך פֿון נעכטען און היינט האָט עס מיר געמאַכט צעהן מאָל אַזוי שווער. אָבער כדי אייך צו ראַטעווען, טהאָר איך ניט קוקען אויף קיין זאַך... איהר געדיינקט דאָך דעם צוזאָג, וואָס איך האָב אייך געגעבען, איהר געדיינקט מן הסתם אויך דאָס, וואָס איהר האָט מיר צוגעזאָגט צו געבען אַלס ענטפֿער, ווען די צייט וועט קומען דערצו. איצט אַלזאָ קען איך שוין מעהר ניט וואַרטען, און דעריבער—(צו יאָהאַן׳ן.) אָט דאָס יונגע מיידעל, נאָך וועמען איהר יאָגט זיך נאָך, איז מיין כלה!

מאַדאַם בערניק. וואָס רעדט איהר?!

בערניק. דינאַ!

יאָהאַן. זי? אייערע — !?

פֿריילין בערניק. ניין, ניין, דינאַ!

פֿריילין העסעל. ס׳אַ ליגען!

יאָהאַן. דינאַ,—ס׳איז אמת, וואָס דער מאַן זאָגט?

דינאַ (נאָך אַ קורצער פויזע). יאָ.

ראָהרלאַנד. דערמיט איז, האָף איך, געקומען אַ סוף צו אַלע אייערע פֿערפֿיהרערישע שטיק. דער שריט, וואָס איך האָב פֿון איהר רעטונג וועגען בעשלאָסען צו מאַכען, קען בעקאַנט ווערען אין אַלע קרייזען פֿון אונזער געזעלשאַפֿט. לאָמיך האָפֿען, ניין, איך בין איבערצייגט, אַז ער וועט ניט שלעכט אויסגעטייטשט ווערען... אָבער אַצונד, מאַדאַם בערניק, איז דאָס בעסטע, מיין איך, מיר זאָלען איהר צונעהמען פֿון דאַנעט און זעהן איהר געבען צוריק די רוה און די גלייכגעוויכט, אין וועלכע זי נייטיגט זיך אַזוי שטאַרק.

מאַדאַם בערניק. יאָ, קום. אָה דינאַ, וואָס פֿאַר אַ גליק דאָס איז פֿאַר דיר! (זי פֿיהרט אַרויס דינאַ׳ן נאָך לינקס; ראָהרלאַנד געהט זיי נאָך.)

פֿריילין בערניק. אַדיע, יאָהאַן! (זי געהט אַרויס.)

הילמאַר (אין דער גאָרטענטהיר), הם... נאַ, דאָס הייסט אַביסעל—

פֿריילין העסעל (וועלכע האָט נאָכגעקוקט דינאַ׳ן ביז אַרויסגעהן), ניט פֿערלאָרען קיין מוטה, דזשאָהן! כ׳בלייב דאָ אין אַ ך וועל אַכטונג געבען אויף׳ן פּאַסטאָר! (זי געהט אַרויס רעכטס.)

בערניק. יאָהאַן, איצט פֿאָהרסט דו ניט מיט דער „גאַזעלע״!

יאָהאַן. אדרבה, גראָד איצט.

בערניק. אָבער דו קומסט דאָך ניט צוריק?

יאָהאַן. כ׳קום יאָ צוריק.

בערניק. נאָך דער דאָזיגער ענטדעקונג? וואָס האָסט דו נאָך דאָ וואָס צו טהאָן?

יאָהאַן. זיך נוקם זיין אין אייך אַלעמען, — אַזוי פיעל ווי מעגליך פון אייך צו פערניכטען! (ער געהט אָב רעכטס.)

וויגעלנד און קראַפּ קומען אַרויס פון דעם קאָנזול׳ס צימער.

וויגעלאַנד. נאַ, די פּאַפּירען זיינען אַלזאָ שוין אין אָרדנונג, הערר קאָנזול.

בערניק. גוט, גוט —

קראַפּ (מיט אַ האַלבען מויל). און ס׳איז אַלזאָ פעסט אָבגעמאַכט, אַז די „גאַזעלע״ פאָהרט אָב מאָרגען?

בערניק. זי פאָהרט אָב מאָרגען. (ער געהט אַריין צו זיך אין צימער. וויגעלאַנד און קראַפּ געהען אָב רעכטס. הילמאַר וויל זיי נאָכגעהן, אָבער אין דערזעלבער רגע שטעקט אָלאַף אַרויס פאָרזיכטיג דעם קאָפּ צו דער טהיר לינקס.)

אָלאַף. פעטער, פעטער, הילמאַר!

הילמאַר. וואָס, דו ביסט גאָר דאָ? פאַרוואָס בלייבסט דו ניט אויבען? דו ביסט דאָך פערשפּאַרט.

אָלאַף (מאַכענדיג עטליכע טריט פאָראויס). שש! פעטער הילמאַר, ווייסט דו שוין די נייעס?

הילמאַר. יאָ, כ׳ווייס, אַז דו האָסט היינט געקראָגען געשמיסען.

אָלאַף (קוקט סטראַשענדיג אויף׳ן פאָטער׳ס צימער). ער וועט מיך שוין ניט אַזוי אָפט שמייסען. אָבער ווייסט דו, אַז פעטער יאָהאַן פאָהרט מאָרגען אָב מיט די אַמעריקאַנער?

הילמאַר. וואָס געהט עס דיך אָן? געה שוין צוריק אַרויף אויבען!

אָלאַף. כ׳וועל נאָך אפשר אויך זיין אַמאָל אויף דעם בופלאָקס-יאַגד, פעטער.

הילמאַר. ווייס איך וואָס, נאַרישקייטען! אַזאַ טרוס ווי דו —

אָלאַף. יאָ, וואַרט אַקאָרשט! דו וועסט שוין זעהן מאָרגען!

הילמאַר. אַך דו לויפער דו! (ער געהט אַראָב אין גאָרטען. אָלאַף לויפט צוריק אַרויף אין צימער און פערשליסט די טהיר, ווען ער דערזעהט קראַפּ׳ן, וועלכער קומט אָן פון רעכטס.)

קראַפּ (געהט צו צום קאָנזול׳ס טהיר און עפענט זי האַלב אויף). פערצייהט מיר, הערר קאָנזול, וואָס איך קום נאָך אַמאָל; אָבער זעהר אַ שטאַרקער שטורם האַלט אין אָנקומען. (וואַרט אַ רגע; קיין ענטפער.) זאָל די „גאַזעלע״ דאָך אָבפאָהרען? (קורצע פויזע.)

בערניק (פון זיין צימער). די „גאַזעלע״ וועט דאָך אָבפאָהרען.

(קראַפּ שליסט צו די טהיר און געהט אַרויס צוריק רעכטס.)



# פערטער אקט.

---

## גאָרטען־סאַלאָן ביי קאָנזול בערניק.

דער טיש איז אַוועקגענומען, ס׳איז אַ שטורמדיגער נאָכמי-טאָג, שוין האַלב-פינסטער, און וואָס ווייטער ווערט אַלץ פינסטערער. אַ דיענער צינדט אָן דעם הייננג-לייכטער, צוויי דיענסט-מיידלאַך ברייננגען אַריין בלומען-טעפּ, ראָמפּען און ליכט, וועלכע ווערן אויסגעשטעלט אויף טישען און פּאָליצעס ביי די ווענד. קויפמאַן רומעל, אין פראַק, ווייסע האַנד-שוה און אַ ווייסען קראַוואַט, שטעהט אין מי-טען סאַלאָן און קאָמאַנדירט וואָס צו טהאָן.

רומעל (צום דיענער). נור אַ ליכט איבער אַ ליכט צינד אָן, יאַ-קאָב. ס׳דאַרף ניט אויסזעהן צו יום טוב׳דיג; ס׳מוז זיין אַן איבער-ראַשונג. און אָט די אַלע בלומען—? נו יאָ... זאָלען זיי דאָ שטעהן... ס׳קען דאָך אַזוי אויסזעהן, אַזוי ווי זיי וואָלטען דאָ יעדען טאָג געשטאַנען—

בערניק קומט אַרויס פון זיין צימער.

בערניק (אין דער טהיר). וואָס איז דאָס פאַר אַ חתונה?

רומעל. אוי ווער, דו ביסט גאָר דאָ! (צו די דיענער.) יאָ, איהר קענט זיך דערווייל געהן. (דער משרת און די דיענסט-מיידלאַך געהען אַרויס דורך די הינטערשטע טהיר לינקס.)

בערניק (צוקומענדיג נעהנטער). אָבער, רומעל, וואָס בעדייטעט דאָס אַלעס?

רומעל. דאָס בעדייטעט, אַז דער שטאָלצעסטער מאָמענט פון דיין לעבען איז געקומען. די שטאָדט קומט היינט אָוועגד מיט אַ פּראָצע-סיאָן, אָבגעבען כבוד איהר ערשטען, אָנגעזעהנסטען בירגער.

בערניק. וואָס זאָגסט דו!

רומעל. אַ פּראָצעסיאָן מיט מוזיק! מיר וואָלטען אויך מיטגענומען פאַקעלען מיט זיך; אָבער מיר האָבען ניט געסמייעט דאָס צו טהאָן אין אַזאַ שטורמדיגען וועטער. נאָר אַן אילומינאַציע וועט זיין; און דאָס וועט דאָך אויסזעהן גרויסאַרטיג, ווען עס וועט שטעהן אין די צייטונגען.

בערניק. הער אויס, רומעל, כ'וויל גאָרנישט וויסען דערפֿון.

רומעל. יאָ, אַצונד איז שוין צו שפּעט; אין אַ האַלבע שעה אַרום וועלען זיי דאָ זיין.

בערניק. אָבער פֿאַרוואָס האָסט דו דאָס מיר פֿריהער ניט געזאָגט?

רומעל, טאַקי דעריבער ווייל איך האָב מורא געהאַט, דו זאָלסט ניט זיין דאַגעגען. אָבער איך האָב זיך דורכגעשמועסט מיט דיין פֿרוי; זי האָט מיר ערלויבט, אַביסעל דאָ צו אַראַנזשירען, און זי וועט בע-זאָרגען דעם בופֿעט.

בערניק (זיך צוהערענדיג). וואָס איז דאָס? זיי קומען שוין? כ'מיין, איך הער אַ געזאַנג.

רומעל (ביים טהיר פֿון גאָרטען). געזאַנג? אָה, דאָס זיינען נור די אַמעריקאַנער. די „גאַזעלע" ווערט אַרויסגעפֿיהרט.

בערניק. אַרויסגעפֿיהרט! יאָ—; ניין, כ'קען היינט אָבענד ניט, כ'בין קראַנק.

רומעל. דו זעהסט ווירקליך אויס שלעכט. אָבער דו מוזט זיך שטאַרקען, צום טייוועל, דו מוזט זיך שטאַרקען! ווען דו וואָלסט געוואוסט וואָס איך און אַלטסטעדט און וויגעלאַנד האָבען דאָס אַלץ צוטהאָן, כדי אָט די גאַנצע חתינה אויפֿצוקלאַפּען! די געגנער אונ-זערע מוזען צודריקט ווערן אונטער דער לאַסט פֿון אַן אַלגעמיינעם אויסדרוק פֿון אַכטונג און בעגייסטערונג. עס געהען אַרום פּלוכען אין שטאָדט; די ידיעה מכח די גרויסע אויפֿקויפֿען לאָזט זיך שוין מעהר ניט צוריקהאַלטען. דו מוזט זיי גאָר אָהן אַ שום תירוץ שוין היינט ביינאַכט—ביי געזאַנג און רעדען, ביים קלאַנג פֿון די גלעזער, הקיצור, אין רעכטען מיטען פֿון אַ בערוישענדער יום-טוב'דיגער שטימונג מוזט דו זיי לאָזען וויסען, וואָס דו האָסט איינגעשטעלט לטובת דער גע-זעלשאַפֿט. ביי אַזאַ מין בערוישענדער שטימונג, ווי איך האָב זיך אָקאָרשט אויסגעדריקט, קען מען דאָ ביי אונז אונגעהייער פֿיעל אויפֿ-טהאָן, אָבער אָט די שטימונג מוז זיין, אַניט געהט עס ניט.

בערניק. יאָ יאָ יאָ—

רומעל. און דער עיקר, ווען אַזאַ עדעלער, קיצעלדיגער פּונקט מוז אַרויס פֿאַר דער וועלט. נו, דו האָסט גאָט צו דאַנקען אַ נאָמען, וועלכער קען עס וואַגען, בערניק. אָבער הער אַקאָרשט אויס; מיר מוזען זיך דאָך אַביסעל דורכריידען מכח דעם. דיין שוועסטער-קינד הילמאַר האָט לכבוד דיר אַ ליעד פֿערפֿאַסט און די מוזיק דערצו קאָמפּאָנירט. ס'הויבט זיך אָן זעהר שעהן מיט די ווערטער: „הויך, הויך די גייסטיגע פֿאָהן!" און וויצע-פּרעדיגער ראָהרלאַנד איז אויפֿ-

געפאָדערט געוואָרען צו האַלטען די פּעסט-רעדע. דו וועסט, פּער-שטעהט זיך, מוזען ענטפּערן.

בערניק. היינט אָוועגד קען איך ניט, רומעל, טאָמער וואָלסט דו—?

רומעל. אונמעגליך, כאָטש איך וואָלט עס גערן געוואָלט. די רעדע וועט דאָך זעלבסטפּערשטענדליך זיין דירעקט צו דיר געווענדעט. נו, אפשר וועט מען זיך צו אונז אויך ווענדען מיט עטליכע ווערטער. איך האָב שוין מכח דעם גערעדט מיט אַלטסטעדט און וויגעלאַנד. אונזער מיינונג איז, אַז דו וואָלסט געדאַרפּסט ענטפּערן מיט אַ הורראַה פּאַר דעם ערפאָלג פון אונזער געזעלשאַפט; אַלטסטעדט וועט זאָגען עטליכע ווערטער מכח די אחדות צווישען די פערשידענע קלאַסען פון אונזער געזעלשאַפט; וויגעלאַנד וויל האַלטען אַ קורצע רעדע וועגען דער נויטווענדיגקייט, אַז דער מאָראַלישער יסוד, אויף וועלכען מיר שטעהען איצט, זאָל חלילה ניט ליידען דורך דער נייער אונטער-נעהמונג; און איך האָב בדעה מיט אַ פּאָר פּאַסענדע ווערטער צו דערמאָנען אָן די פרויען, וועמעס בעשיידענע טהעטיגקייט בלייבט על כל פנים ניט אָהן אַ בעדייטונג פּאַר אונזער געזעלשאַפט. אָבער דו הערסט דאָך גאָרנישט וואָס איך רייד—

בערניק. יאָ—אודאי הער איך. נאָר זאָג מיר, כ'בעט דיך, ווי מיינסט דו, דער ים דאָ דרויסען איז זעהר געפּעהרליך—?

רומעל. אַה, דו האָסט מורא פּאַר'ן „טייטעל-בוים"? ער איז דאָך גוט פּערזיכערט!

בערניק. יאָ, פּערזיכערט; אָבער—

רומעל. און אין גוטען צושטאַנד; און דאָס איז די הויפּט-זאַך.

בערניק. הם... און אפילו ווען עפּעס זאָל טרעפען מיט'ן שיף, איז דאָך נאָך ניט געזאָגט, אַז מענשענלעבענס מוזען דערביי פּערלאָ-רען געהן... דאָס שיף און די לאַדונג קענען אונטערגעהן... מען קען פּערלירען קופערס און פּאַפּירען— —

רומעל. צום טייוועל, קופערס און פּאַפּירען זיינען דאָך ניט אַזוי וויכטיג!

בערניק. ניט! ניין, ניין, כ'האָב נור געמיינט... דו הערסט?... זיי זינגען שוין ווידער.

רומעל. דאָס איז אויף'ן „טייטעלבוים."

קויפמאַן וויגעלאַנד קומט אָן פון רעכטס.

וויגעלאַנד. יאָ, איצט פיהרען זיי אַרויס דעם „טייטעלבוים". גוטען אָוועגד, הערר קאָנזול.

בערניק. און איהר, וואָס איהר קענט גיט דעם ים, האַלט איהר זיך נאָך אַלץ פעסט, אַז—?

וויגעלאַנד. כ׳פֿערלאָז זיך אין גאַנצען אויף גאָט׳ס בעראָטה, הערר קאָנזול; דערצו בין איך אַליין געוועזען אויף׳ן שיף און איך האָב פֿערטהיילט עטליכע קליינע רעליגיעזע ביכלאַך, וועלכע וועלען אָהן אַ שום ספק האָבען אַ גוטע ווירקונג.

אַלטסטעד און קראַפּ קומען פֿון רעכטס.

אַלטסטעד (נאָך אין דער טהיר). יאָ, געהט דאָס גוט, דאַן וועט אלעס געהן גוט. אַה זעה נאָר, גוטען אָוועגד, גוטען אָוועגד!

בערניק. עפּעס נייעס, הערר קראַפּ?

קראַפּ. כ׳האָב גאָרנישט וואָס צו זאָגען, הערר קאָנזול.

אַלטסטעד. אַלע מאַטראָזען פֿון דער „גאַזעלע״ זיינען שכור, בין איך קיין עהרליכער מאַן ניט, אויב די אונמענשען וועלען אָנקו-מען לעבעדיג.

פֿריילײן העסעל פֿון רעכטס.

פֿריילײן העסעל (צו בערניק). יאָ, איצט קען איך דיר אָב-געבען אַ גרוס פֿון איהם.

בערניק. שוין אויף׳ן שיף?

פֿריילײן העסעל. יעדענפֿאַלס באַלד. מיר האָבען זיך אָבגעזעגענט ביים האָטעל.

בערניק. און ער האַלט זיך פֿעסט ביי זיין בעשלוס?

פֿריילײן העסעל. פֿעסט ווי אַ פֿעלז.

רומעל (ביי די פֿענסטער). צו׳ן אַלדע שוואַרץ יאָהר מיט אָט די ניי-מאָדישע איינריכטונגען. כ׳קען ניט אַרונטערקריגען די פֿאָרהיינגלאַך.

פֿריילײן העסעל. איהר ווילט זיי גאָר אַרונטערלאָזען? כ׳האָב געמיינט אדרבה—

רומעל. פֿאָרלויפֿיג אַראָב, פֿריילײן. יאָ, איהר ווייסט דאָך, וואָס דאָ קומט פֿאָר?

פֿריילײן העסעל. נו אודאי ווייס איך. לאָזט, איך וועל אייך העלפֿען; (נעהמט אָן די שנירלאַך) כ׳וויל פֿאַר מיין שוואָגער אַרונ-טערלאָזען דעם פֿאָרהאַנג... כאָטש איך וואָלט איהם ליעבערשט גע-וואָלט אַרויפֿלאָזען אין דער הויך...

רומעל. דאָס וועט איהר קענען טהאָן שפּעטער. אַז דער גאָרטען וועט פֿול ווערן מיט דעם ים פֿון מענשען, דאַן וועלען די פֿאָרה אַנגען אַרויף אין דער הויך און מען וועט דערזעהן דאָ אינעווייניג אַן איבער-ראַשטע, פֿרעהליכע פֿאַמיליע... אַ בירגער׳ס הויז מוז זיין אַזוי ווי אַ גלעזערנע שאַפֿע.

בערניק (זעהט אויס ווי ער וואָלט עפּעס געוואָלט זאָגען, קעהרט זיך אָבער אויף גיך אָב און געהט אַריין צו זיך אין צימער.)

רומעל. יאָ, לאָמיר אַצונד האַלטען די לעצטע בעראַטהונג... קומט

מיט, הערר קראַפ; איהר מוזט אונז אַרויסהעלפֿען מיט עטליכע פּאַק-טישע ערקלעהרונגען. (די מענער געהען אַריין צום קאָנזול אין צימער. פֿרייליין העסעל האָט אַרונטערגעצויגען די גאַרדינען פֿון פֿענסטער און האָט בדעה אַרונטערצולאָזען דעם פֿאָרהאַנג איבעד דער אָפֿענער גלעזערנער טהיר, מיט אַמאָל שפרינגט אָלאַף אַראָב פֿון אויבען אויף די גאָרטענ-טרעפּ. ער טראָגט אַ מאַנטעל איבער די אַקסלען אין אַ פּעקעל אין דער האַנד.)

פֿרייליין העסעל. אַך, גאָט איז מיט דיר, דו קינד; דו האָסט מיך דערשראָקען צום טויט!

אָלאַף (בעהאַלט דאָס פּעקעל). שש, מוהמע!

פֿרייליין העסעל. וואָס זשע, דו ביסט אַרויסגעשפרונגען פֿון פֿענסטער? וואו געהסט דו?

אָלאַף. שש—זאָג גאָרנישט! כ׳געה צו פּעטער יאָהאַן׳ן... בלויז אַרונטער צום האַפֿען, ווייסט דו... כ׳וויל זיך מיט איהם געזעגנען, מעהר ניט. גוטע נאַכט, מוהמע! (ער לויפֿט אַרויס דורך׳ן גאָרטען.)

פֿרייליין העסעל. ניין, בלייב! אָלאַף! אָלאַף!

יאָהאַן, אָנגעטהאָן אין רייזע-קליידער מיט אַ טאַש אַרום די שולטערן, קומט אַריין פֿאָרזיכטיג דורך דער טהיר רעכטס.

יאָהאַן. לאָנאַ!

פֿרייליין העסעל (זיך אומדרעהענדיג צו איהם). וואָס! דו ביסט גאָר דאָ צוריק?

יאָהאַן. כ׳האָב נאָך עטליכע מינוטען צייט. כ׳מוז זי נאָך אַמאָל זעהן. אַזוי קענען מיר זיך ניט צושיידען.

פֿרייליין בערניק און דינאַ, ביידע אין מאַנטלען און די לעצטע מיט אַ קליינער רייזע-טאַש אין דער האַנד, קומען אָן פֿון דער הינ-טערשטער טהיר לינקס.

דינאַ. צו איהם—צו איהם!

פֿרייליין בערניק. יאָ, דו וועסט געהן צו איהם, דינאַ!

דינאַ. אָט איז ער!

יאָהאַן. דינאַ!

דינאַ. נעהמט מיך מיט!

יאָהאַן. וואָס—

פֿרייליין העסעל. דו ווילסט—?

דינאַ. יאָ, נעהמט מיך מיט! דער אַנדערער האָט מיר געשריבען; ער זאָגט, היינט אָווענד זאָלען אַלע מענשען וויסען, אַז—

יאָהאַן. דינאַ,—איהר ליעבט איהם ניט?

דינאַ. כ׳האָב דעם מענשען קיינמאָל ניט געליעבט. כ׳וואָלט זיך אַריינ-געוואָרפֿען אין ים, ווען איך זאָל מוזען ווערן זיין כלה! אָה, ווי ער

האָט עס מיר אַביסעל געלאָזט פֿיהלען, אַז ער הויבט אַרויף צו זיך אַ נידעריגע, שפל'ע בריאה! ניין, כ'וויל ניט זיין מעהר קיין ערנידע-ריגטע ביי יעדען איינעם! כ'וויל אַוועק פֿון דאַנעט! קען איך מיט-פֿאָהרען מיט אייך?

יאָהאַן. יאָ, יאָ—טויזענד מאָל יאָ!

דינאַ. כ'וועל אייך לאַנג ניט פֿאַלען צו לאַסט. נעהמט מיך בלויז אַריבער אַהין; העלפֿט מיר נור די ערשטע צייט אַביסעל אויס—

יאָהאַן. הורראַה, ס'וועט שוין זיין רעכט, דינאַ!

פֿריילין העסעל (אָנווייזענדיג אויף דעם קאָנזול'ס טהיר). שש! שטילער, שטילער אַביסעל!

יאָהאַן. דינאַ, אויף די הענד וועל איך אייך טראָגען!

דינאַ. דאָס ערלויב איך אייך ניט... כ'וויל זיך אַליין אַרויסהעל-פֿען; און דאָרט וועל איך עס דאָך קענען. ווען איך זאָל נור אַוועק פֿון דאַנעט. אָה, אָט די דאַמען,—איהר ווייסט עס ניט,—זיי האָבען מיר היינט אויך געשריבען בריעף. זיי דערמאָנען מיר, וואָס פֿאַר אַ גליק מיך האָט געטראָפֿען, און גיבען מיר צו פֿערשטעהן, ווי גרויס-מוטהיג און עדעל ער האָט זיך געצייגט צו מיר. מאָרגען און איבער-מאָרגען און אַלע טאָג וועלען זיי אַכטונג געבען אויף מיר, כדי צו זעהן, אויב איך בין ווערטה אַזוי פֿיעל גליק. אַ גרויל געהט מיר אַריבער פֿאַר דער גאַנצער אָנשטענדיגקייט!

יאָהאַן. זאָגט מיר אַקאָרשט, דינאַ, איהר פֿאָהרט בלויז דערפֿאַר מיט מיר? בין איך אייך גאָרנישט?

דינאַ. יאָ, יאָהאַן, איהר זייט מיר מעהר איידער אַלע אַנדערע מענשען.

יאָהאַן. אָה, דינאַ—!

דינאַ. אַלע זאָגען זיי מיר דאָ, אַז איך מוז אייך האַסען און אַנט-לויפֿען פֿון אייך; דאָס איז מיין פֿליכט, הייסט עס; אָבער אַזאַ מין פֿליכט פֿערשטעה איך ניט; כ'וועל עס קיינמאָל ניט פֿערשטעהן.

פֿריילין העסעל. דאָס וועסט דו ווירקליך ניט, קינד!

פֿריילין בערניק. און דו האָסט אויך גאָר ניט וואָס צו פֿער-שטעהן דאָ; און דעריבער דאַרפֿסט דו מיט איהם מיטפֿאָהרען אַלס זיין פֿרוי.

יאָהאַן. יאָ, יאָ!

פֿריילין העסעל. וואָס?... נאַ, כ'מוז דיר אַ קוש טהאָן דער פֿאַר, מאַרטהאַ! דאָס וואָלט איך פֿון דיר ניט ערוואַרטעט.

פֿריילין בערניק. נו, כ'מיין עפעס אַזוי; כ'האָב עס אַליין פֿון זיך ניט ערוואַרטעט. אָבער פֿריהער אָדער שפעטער, דאָס אייז האָט געמוזט פּלאַצען! אָה, וואָס מיר האָבען עס דאָ אויסצושטעהן

פֿון די זיטען און די געוואוינהייטען ! רעוואָלטיר געגען דעם, דינאַ !
ווער זיין פֿרוי... ס׳מוז עפּעס געשעהן, וואָס זאָל אָט די גאַנצע אָנ-
שטענדיגקייט געבען אַ פּאַטש אין פּנים אַריין.

יאָהאַן. וואָס ענטפֿערט איהר דערויף, דינאַ ?

דינאַ. יאָ, כ׳וועל זיין אייער פֿרוי.

יאָהאַן. דינאַ !

דינאַ. אָבער אַפֿריהער וויל איך אַרבייטען, אַליין עפּעס ווערן...
כ׳וויל ניט זיין קיין זאַך, וואָס מען נעהמט.

פֿריילין העסעל. יאָ, אַזוי דאַרף זיין; אַזוי וועט עס זיין.

יאָהאַן. גוט; כ׳וועל וואַרטען און האָפֿען—

פֿריילין העסעל. —כדי זי צו געווינען, דזשאָהן; אָבער נו,
עס איז צייט צו געהן צום שיף!

יאָהאַן. יאָ, צום שיף! אַך, לאָנאַ, ליעבע שוועסטער, איין וואָרט.
(ער פֿיהרט זי צום הינטערגרונד און רעדט עפּעס
אויף גיך מיט איהר.)

פֿריילין בערניק. דינאַ, דו גליקליכע,—לאָמיך דיך אָנקוקען,
דיך נאָך איינמאָל—צום לעצטען מאָל... אַ קוש טהאָן—

דינאַ. ניט צום לעצטען מאָל! ניין, טהייער׳ע געליעבטע מוהמע,
מיר וועלען זיך נאָך ווידערזעהן !

פֿריילין בערניק. קיינמאָל ניט ! זאָג מיר צו, דינאַ, גיב מיר
דיין וואָרט, אַז דו וועסט קיינמאָל ניט קומען צוריק. (נעהמט זי אָן
פֿאַר ביידע הענד.) נו, דו געהסט אַלזאָ דעם גליק אַנטקעגען, דו
געליעבטעס קינד... איבער׳ן ים. אָה, ווי אָפֿט האָט עס מיך אין שול-
צימער געצויגען אַהין ! דאָרט דרויסען מוז זיין אַזוי שעהן... אַ ברייט-
טערער הימעל... די וואָלקען געהען העכער איידער דאָ, און אַ פֿרייערע
לופֿט נעהמט דאָרט אַרום די מענשען—

דינאַ. אָה, מוהמינקע, דו וועסט נאָך אַמאָל קומען צו אונז !

פֿריילין בערניק. איך ? קיינמאָל ; קיינמאָל ניט. דאָ האָב איך
מיין קליינע לעבענס-אויפֿגאַבע...

דינאַ. שטענדיג זיין צושיידט פֿון דיר—ניין, כ׳קען גאָרניט דיינקען
דערפֿון.

פֿריילין בערניק. אַך, דער מענש קען זיך פֿון אַסך זאַכען
שיידען, דינאַ. (גיט איהר אַ קוש.) זאָג מיר צו, אַז דו וועסט איהם
גליקליך מאַכען, ליעבעס קינד.

דינאַ. כ׳וויל גאָרנישט צוזאָגען; כ׳האָב פֿיינט די אַלע צוזאָגען ;
אַלעס מוז קומען, אַזוי ווי גאָט וויל.

פֿריילין בערניק. יאָ, יאָ, אַזוי דאַרף זיין ; בלייב ווי דו ביסט,
—וואַהר און געטריי צו זיך אַליין.

דינאַ. דאָס וועל איך, מוהמע.

פֿריילײַן העסעל (לייגט אַריין עטליכע פּאַפּירען, וואָס יאָהאַן האָט איהר געגעבען אין קעשענע אַריין). גוט, גוט, מיין ליעבער דשזאָהן. אָבער ס׳איז צייט צו געהן!

יאָהאַן. יאָ, ס׳איז ווירקליך צייט. זיי געזונד, לאָנאַ; אַ דאַנק דיר פֿאַר דיין גאַנצער ליעבע! זיי געזונד, מאַרטהאַ, און זיי אויך דו גע־דאַנקט פֿאַר דיין טרייער פֿריינדשאַפֿט!

פֿריילײַן בערניק. פֿאָהר געזונד, יאָהאַן! פֿאָהר געזונד, דינאַ! ווערט גליקליך צוזאַמען! (זי און פֿריילײַן העסעל שפּאַרען זיי אַרויס צו דער טהיר אין הינטערגרונד. יאָהאַן און דינאַ געהען זיך אַוועק דורך׳ן גאָרטען. פֿריילײַן העסעל מאַכט צו די טהיר און צ׳הט אַראָב דעם פֿאָרהאַנג, וואָס היינגט איבער איהר.

פֿריילײַן העסעל. אַצונד זיינען מיר אַליין, מאַרטהאַ. דו האָסט זי און איך האָב איהם פֿערלאָרען.

פֿריילײַן בערניק. דו—איהם?

פֿריילײַן העסעל. אַך, כ׳האָב איהם שוין דאָרט געהאַט האַלב פֿערלאָרען. ער האָט געמוזט אַמאָל זיך שטעלען אויף זיינע אייגענע פֿיס; דעריבער האָב איך איהם איינגערעדט, אַז איך בענק אַהיים.

פֿריילײַן בערניק. דעריבער? יאָ, אַצונד פֿערשטעה איך פֿאַר־וואָס דו ביסט געקומען. אבער ער וועט דיך ווידער בעדאַרפֿען, לאָנאַ.

פֿריילײַן העסעל. אַן אַלטע שט־פּשוועסטער,—וואָס טויג איהם די אַצונד?... מענער צורייסען מעהר ווי איין באַנד, כדי צו דער־גרייכען זייער גליק.

פֿריילײַן בערניק. יאָ, ס׳טרעפֿט אָפֿטמ.ל...

פֿריילײַן העסעל. אָבער מירביידע וועלען זיך האַלטען צוזאַ־מען, מאַרטהאַ.

פֿריילײַן בערניק. קען איך דיר עפּעס זיין?

פֿריילײַן העסעל. ווער דען אַז ניט דו? ביידע ניאַנקעס,—האָבען מיר ניט ביידע אונזערע קינדער פֿעללאָרען? אַצונד זיינען מיר אַליין.

פֿריילײַן בערניק. יאָ, אַליין. און דעריבער זאָלסט דו עס טאַקי וויסען... איך האָב איהם געליעבט...

פֿריילײַן העסעל. מאַרטהאַ! (נעהמט איהר אָן פֿאַר׳ן אָרם.) ס׳איז אמת?

פֿריילײַן בערניק. דאָס גאַנצע לעבען מיינס ליגט אין אָט די ווערטער. כ׳האָב איהם געליעבט און געוואַרט אויף איהם. זומער פֿאַר זומער האָב איך געהאָפֿט, ער וועט קומען צוריק... און אָט איז ער געקומען... נאָר ער האָט מיך ניט געזעהן.

פ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. איהם געליעבט ! און דו אַליין ביסט געווען די, וועלכע האָט איהם דאָס גליק אין די הענד איבערגעגעבען.

פ ר י י ל י י ן ב ע ר נ י ק. וואָס זשע, האָב איך איהם ניט געזאָלט געבען דאָס גליק אין די הענד אַריין, אַז איך האָב איהם ליעב גע-האַט ? יאָ, כ׳האָב איהם געליעבט. דאָס גאַנצע לעבען מיינס האָט געהערט צו איהם... פון דעם טאָג אָן, וואָס ער איז דעמאָלט אַוועק-געפאָהרען. וואָס פאַר אַ גרונד איך האָב געהאַט צו האָפען, ווילסט דו פרעגען ? אָה, כ׳מיין, איך האָב געהאַט גענוג גרונד דערצו !...
אָבער אַז ער איז צוריק אַהיים געקומען,—האָט עס אויסגעוויזען, אָקוראַט ווי אַלעס, אַלעס האָלט אויסגעלאָשען, אָבגעווישט געוואָרען פון זיין זכרון... ער האָט מיך ניט געזעהן...

פ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. דאָס האָט דינאַ דיך אין שאָטען געשטעלט, מאַרטהאַ.

פ ר י י ל י י ן ב ע ר נ י ק. און ס׳איז גוט אַזוי. בשעת ער איז אַוועק, זיינען מיר ביידע געווען אין איין עלטער ; אַז איך האָב איהם צוריק דערזעהן,—אָה, דער שרעקליכער אויגענבליק !—איז מיר קלאָהר גע-וואָרען, אַז איך בין געוואָרען מיט צעהן יאָהר עלטער איידער ער. דאָרט אין אַמעריקאַ איז ער אַרומגעגאַנגען אין דעם העלען ציטערנדען זונען-שיין און מיט יעדען אָטהעם-צוג זיינעם האָט ער איינגעזויגען יוגענד און געזונדהייט אין זיך ; און אין דער צייט בין איך געזעסען דאָ און האָב געשפונען און געשפונען—

פ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. —דעם פאָדים פון זיין גליק, מאַרטהאַ.

פ ר י י ל י י ן ב ע ר נ י ק. יאָ, ס׳איז געווען גאָלד, דאָס וואָס איך האָב געשפונען. ניט קיין ביטערקייט ! ניט אמת, לאָנאַ, מיר זיינען איהם צוויי גוטע שוועסטער געווען ?

פ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל (איהר אַרומנעהמענדיג מיט׳ן אָרים). מאַרטהאַ!

ב ע ר נ י ק קומט אַרויס פון זיין צימער.

ב ע ר נ י ק (צו די הערען אין צימער). יאָ, יאָ, מאַכט ווי איהר פערשטעהט. אַז די צייט וועט קומען, וועל איך שוין—(מאַכט צו די טהיר.) אַה, איהר זייט גאָר דאָ ? הער אויס, מאַרטהאַ, דו מוזט זיך אַביסעל אַנדערש אָנטהאָן. און זאָג בעטטי׳ן, אַז זי אויך. איהר דאַרפט זיך ניט אויספוצען, פערשטעהט זיך ; נור נעט און היימיש געקליידט. אָבער איהר מוזט זיך אַביסעל צואיילען.

פ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. און גליקליכע, מונטערע געזיכטער... און שטראַהלענדע אויגען...

ב ע ר נ י ק. אָלאַף זאָל אויך אַרונטערקומען ; כ׳וויל איהם האָבען דאָ לעבען מיר.

פ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. הם ; אָלאַף—

פ ר י י ל י י ן  ב ע ר נ י ק. כ׳ווער זאָגען בעטטי׳ן. (זי געהט אַוועק דורך דער הינטערשטער טהיר לינקס.)

פ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. נאַ, דער גרויסער פייערליכער מאָמענט איז אַלזאָ געקומען.

ב ע ר נ י ק (וועלכער געהט אַרום אומרוהיג אַהין און אַהער). יאָ, ער איז געקומען.

פ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. אין אַזאַ מאָמענט מוז אַ מענש זיך פיהלען שטאָלץ און גליקליך...

ב ע ר נ י ק (קוקט זי אָן). הם!

פ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. די גאַנצע שטאָדט וועט דאָך זיין אילומי-נירט, ווי איך הער.

ב ע ר נ י ק. יאָ, אַזוי וואָס וועט מן הסתם געשעהן.

פ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. אַלע פעראיינען וועלען קומען אַהער מיט זייערע פאָהנען, אין פייערדיגע אותיות וועט דיין נאָמען שיינען, און אַלע עקען פון לאַנד וועט היינט בייננאַכט טעלעגראַפירט ווערן: „אַרומ-געדינגעלט פון זיין גליקליכער פאַמיליע האָט קאָנזול בערניק—איינע פון די שטיצען פון דער געזעלשאַפט—אויפגענומען דעם לויב פון זיינע מיט-בירגער."

ב ע ר נ י ק. אַזוי וועט זיין; און מען וועט שרייען הורראַה דאָ אויף דרויסען, און דער עולם וועט מיך אַרויסרופען צו דער טהיר דאָרט, און איך וועל מוזען זיך פערנייגען פאַר זיי און זיי דאַנקען.

פ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. אָה, ווערסט מ ו ז ע ן—

ב ע ר נ י ק. דו מיינסט, איך פיהל זיך גליקליך אין דיזען אויגענ-בליק?

פ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. ניין, כ׳גלויב ניט, אַז דו קענסט זיך פיהלען גאַנץ גליקליך.

ב ע ר נ י ק. לאָנאַ, דו פעראַכטסט מיך!

פ ר י י ל י י ן  ה ע ס ע ל. נאָך ניט.

ב ע ר נ י ק. דו האָסט אויך קיין רעכט ניט דערצו... מיך צו  פ ע ר-אַ כ ט ע ן ניט!—לאָנאַ, דו קענסט זיך גאָר ניט משער זיין, ווי עלענד און פערלאָזען איך שטעה דא אין דער דאָזיגער איינגעשרומפענער און פערקריפעלטער געזעלשאַפט,—ווי איך האָב יאָהר פאַר יאָהר געמוזט אונטערדריקען מיין פייערדיגסטען וואונש, מיין פערלאַנג נאָך אַ פולען און צופרידענשטעלענדען לעבענס-ווערק! וואָס האָב איך אויפגעטהאָן, ווי פיעלפאַך מיין אַרבייט זאָל ניט אויסזעהן? שטיקלאַך און ברעקלאַך. אָבער פאַר גרעסערע זאַכען אָדער פאַר עפעס אַנדערש איז דאָ קיין פלאַץ ניטאָ. ווען איך זאָל חלילה פרוואווען מאַכען אַ טריט ווייטער פון די מיינונגען און די אידעעָן, וועלכע זיינען דאָ אויף

דער טאַגעס-אָרדנונג, איז אַ סוף צו מיין גאַנצער מאַכט... דו ווייסט וואָס מיר זיינען, מיר, וועלכע ווערן בעטראַכט אַלס די שטיצען פֿון דער געזעלשאַפֿט? די ווערקצייג פֿון דער געזעלשאַפֿט זיינען מיר— ניט מעהר, ניט ווייניגער.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. פֿאַרוואָס זעהסט דו עס ערשט איצט איין?

ב ע ר נ י ק. ווייל אין דער לעצטער צייט—זינט דו ביסט דאָ—און דער עיקר היינט אָוועגד—האָב איך פֿיעל געטראַכט דערפֿון.— אָה לאָנאַ, פֿאַרוואָס האָב איך דיך דעמאָלט—אין די פֿריהערדיגע טעג— אַזוי ווייניג געקענט!...

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. וואָס מיינסט דו—?

ב ע ר נ י ק. איך וואָלט דיך קיינמאָל ניט פֿערלאָזען; און וואָלט איך ד י ך געהאַט ביי מיין זייט, דאַן וואָלט איך ניט געשטאַנען, וואו איך שטעה איצט!

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. און דו בערעכענסט גאָר ניט, וואָס ז י וואָלט דיר געקענט ווערן, זי, ווען דו האָסט אָנשטאָט מיר אויסגעוועהלט?

ב ע ר נ י ק. יעדענפֿאַלס ווייס איך, אַז זי איז מיר ניט געוואָרען דאָס, וואָס איך האָב געוואָלט זי זאָל זיין.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. ווייל דו האָסט קיינמאָל ניט געטהיילט דיין לעבענס-אויפֿגאַבע מיט איהר,—ווייל זי איז קיינמאָל ניט געשטאַנען אין אַן אמת׳ן און פֿרייען פֿערהעלטניס מיט דיר,—ווייל דו לאָזט זיך איהר פלאָגען מיט זעלבסט-אָנקלאַגען, מיט שטענדיגע עגמות נפש מכח דער חרפה, אין וועלכער דו האָסט איהרע קרובים געבראַכט.

ב ע ר נ י ק. יאָ, יאָ, יאָ; דאָס אַלץ קומט פֿון דעם ליגען.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. פֿאַרוואָס זשע מאַכסט דו ניט אַ סוף צום ליגען?

ב ע ר נ י ק. איצט? איצט איז שוין צו שפעט, לאָנאַ.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. ריכאַרד, זאָג מיר, כ׳בעט דיך, וואָס פֿאַר אַ בעפֿרידיגונג האָסט דו פֿון אָט דער צערעמאָניע און פֿון דעם גאַנצען פֿאַלשען פּאַראַד?

ב ע ר נ י ק. גאָר קיין שום בעפֿרידיגונג ניט. איך אַליין מעג צו גרונד געהן, אַזוי ווי אָט די גאַנצע אויסגעשפּיעלטע געזעלשאַפֿט. אָבער נאָך מיר וואַקסט אונטער אַ נייער דור; דאָס איז מיין זוהן, פֿאַר וועמען איך אַרבייט; א י ה ם גרייט איך צו אַ ווירקליכע לעבענס-אויפֿגאַבע. ס׳וועט קומען אַ צייט, ווען די ו ו אַ ה ר ה י י ט וועט דורכדרינגען דאָס געזעלשאַפֿטליכע לעבען, און אויף איהר וועט ער זיך גרינדען אַ גליקליכערע עקזיסטענץ איידער זיין פֿאָטער׳ס.

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. מיט אַ ליגען אַלס גרונד-לאַגע? בערעכען פֿאָרט, וואָס פֿאַר אַ ירושה דו לאָזט איבער דיין זוהן!

בערניק (אין אונטערדריקטער פֿערצווייפֿלונג). איך לאָז איהם איבער נאָך אַ טויזענד מאָל ערגערע ירושה איידער דו ווייסט. אָבער פֿריהער אָדער שפּעטער, די קללה וועט דאָך מוזען אַריבערגעהן. און דאָך—און דאָך—(אַרויספּלאַצענדיג.) ווי אַזוי פּאָרט האָט איהר געקענט ברייננגען אָט די אַלע צרות אויף מיין קאָפּ! אָבער ס'איז פֿערפֿאַלען אַצונד. אָבער עס זאָל אייך ניט געלינגגען מיך צו פֿער-ניכטען!

הילמאַר מיט אַן אָפֿענעם צעטעל אין האַנד, קומט גיך און שטאַרק צוטראָגען פֿון רעכטס.

הילמאַר. אָבער דאָס הייסט אַביסעל... בעטטי, בעטטי!

בערניק. וואָס איז דאָרטען? זיי קומען שוין?

הילמאַר. ניין, ניין; אָבער איך מוז אונבעדינגט ריידען מיט אימיצען— (געהט אָב דורך דער הינטערשטער טהיר לינקס.)

פֿריילײן העסעל. ריכאַרד... דו זאָגסט, מיר זיינען געקומען, דיך צו פֿערניכטען. טאָ לאָמיך דיר אַלזאָ זאָגען, פֿון וואָס פֿאַר אַ מעטאַל ער איז, אָט דער פֿערלאָרענער זוהן, פֿון וועמען אייער מאָ-ראַלישע געזעלשאַפֿט אַנטלויפֿט אַזוי ווי פֿון אַ פּעסט. ער האָט מעהר ניט וואָס צו טהאָן מיט אייך, מחמת ער איז שוין אַוועק פֿון דאַנעט.

בערניק. אָבער ער קומט צוריק—

פֿריילײן העסעל. יאָהאַן קומט שוין קיינמאָל ניט צוריק. ער האָט דיזען אָרט אויף תמיד פֿערלאָזען, און דינאַ איז מיטגעפֿאָהרען מיט איהם.

בערניק. קומט קיינמאָל ניט צוריק? און דינאַ איז מיט איהם מיטגעפֿאָהרען?

פֿריילײן העסעל. יאָ, צו ווערן זיין פֿרוי. אַזוי דערלאַנגען זיי ביידע אייער פֿרומער, כשר'ער געזעלשאַפֿט אַ פּאַטש אין פּנים אַריין... אַזוי ווי איך אַמאָל... יאָ!

בערניק. אַוועקגעפֿאָהרען... זי אויך... מיט דער „גאַזעלע"—!

פֿריילײן העסעל. ניין, אַזאַ טהייערן אוצר האָט ער ניט גע-קענט אָנטרויען די פֿערדאָרבענע באַנדע. יאָהאַן און דינאַ זיינען אָבגע-פֿאָהרען מיט'ן „טייטעלבוים".

בערניק. האַ! אַלזאָ—אומזיסט—(געהט שנעל אַריבער די ביהנע, רייסט אויף די טהיר צו זיין צימער און שרייט אַריין.) קראַפּ, האַלט אָב די „גאַזעלע"; זי זאָל היינט אָוועגד ניט אָבפֿאָהרען פֿון דאַנעט!

קראַפּ (אין צימער). די „גאַזעלע" איז שוין אין מיטען ים, הערר קאָנזול.

בערניק (מאַכט צו די טהיר און זאָגט מיט אַ מאַטען טאָן). צו שפּעט,—און אָהן אַ שום נוצען—

פֿריילײן העסעל. וואָס מיינסט דו דערמיט?

בערניק. גאָרנישט, גאָרנישט, לאָז מיך אַליין—!

פֿריילײן העסעל. הם, הער אויס, ריכאַרד, יאָהאַן לאָזט דיר וויסען, אַז ער טרויט מיר אָן דעם גוטען נאָמען, וועלכען ער האָט דיר אַמאָל אַנטליהען,—אויך דאָס, וואָס דו האָסט ביי איהם גע׳גנב׳עט, בשעת ער איז געוועזען אַוועק פֿון דאַנעט. יאָהאַן וועט שווייגען, און איך קען אין דעם פרט טהאָן, וואָס איך וויל. זעה, אָט האָב איך דיינע צוויי בריעף אין דער האַנד.

בערניק. דו האָסט זיי! און איצט—איצט ווילסט דו—נאָך היינט אָוענד—פֿיליכט ווען דער פּאַראַד—

פֿריילײן העסעל. איך בין ניט געקומען אַהער דיך צו פֿערראַטהען, נאָר דיך פֿונאַנדערטרייסלען, כדי דו זאָלסט פֿרייוויליג ריידען. ס׳האָט מיר ניט געגליקט. טאָ בלייב זשע אַלזאָ מיט דיין ליגען. אָט זעה; דאָ צוריס איך דיינע ביידע בריעף.. נעהם די שטיקלאַך; אָט האָסט דו זיי. נאַ, ריכאַרד, אַצונד איז שוין גאָרנישט ניטאָ, וואָס זאָל קענען עדות זאָגען געגען דיר. איצט ביסט דו זיכער; און אַצונד זיי גליקליך—אויב דו קענסט.

בערניק (געריהרט). לאָנאַ—פֿאַרוואָס האָסט דו עס פֿריהער ניט געטהאָן? איצט איז עס צו שפעט; איצט האָב איך מיין גאַנץ לעבען פֿערשפּיעלט... ס׳איז מיר אונמעגליך, נאָך ווייטער צו לעבען...

פֿריילײן העסעל. וואָס איז דען דאָ אַזוינס געשעהן?

בערניק. פֿרעג מיך ניט.— און דאָך—איך מוז לעבען! איך וויל לעבען—מיין זוהן צוליעב. ער זאָל אַלצדינג פֿערריכטען, אַלעס ווידער גוט מאַכען—

פֿריילײן העסעל. ריכאַרד—

הילמאַר קומט שנעל צוריק.

הילמאַר. ניטאָ קיינער אין דערהיים; אַוועקגעגאַנגען! בעטטי אויך!

בערניק. וואָס איז אַזוינס?

הילמאַר. איך סמייע עס דיר ניט צו זאָגען.

בערניק. וואָס איז דאָס? דו מוזט מיר עס זאָגען!

הילמאַר. גוט אַלזאָ—אָלאַף איז אַוועקגעפֿאָהרען מיט דער „גאַזעלע“.

בערניק (צוריקפֿאַלענדיג). אָלאַף—מיט דער „גאַזעלע“! ניין, ניין! דו לייגסט!

פֿריילײן העסעל. יאָ, ס׳איז אמת! אַצונד פֿערשטעה איך—; כ׳האָב געזעהן ווי ער איז אַרויסגעשפּרונגען פֿון פֿענסטער.

בערניק (אין דער טהיר צו זיין צימער, שרייט פֿערצווייפֿעלט).

קראַפ, זאָל קאָסטען וואָס עס וויל, די „גאַזעלע" מוז אָבגעהאַלטען ווערן!

קראַפ (קומט אַרויס). אונמעגליך, העדר קאָנזול. ווי קענט איהר גאָר דיינקען, אַז—!

בערניק. מיר מוזען זי אָבהאַלטען; אָלאַף איז אויפ׳ן שיף!

קראַפ. וואָס רעדט איהר!

רומעל (קומט אַרויס). אָלאַף אַנטלאָפען? ניט מעגליך!

אַלטסטעדט (קומט אָן). מען וועט איהם אָבשיקען צוריק מיט דעם פילאָט, העדר קאָנזול.

הילמאַר. ניין, ניין; ער האָט מיר געשריבען (ווייזט דאָס צע-טעלע.) ער זאָגט, ער וועט זיך בעהאַלטען צווישען די סחורה, ביז וואַנעט דאָס שיף וועט אַרויס אויפ׳ן ים.

בערניק. כ׳וועל איהם שוין קיינמאָל ניט זעהן צוריק!

רומעל. ווייס איך וואָט, נאַרישקייטען; אַ שטאַרקעס גוטעס שיף, —אָקאָרשט ערשט פערריכט—

וויגעלאַנד (וועלכער איז אויך אַרויסגעקומען). אויף אייער איגענעם דאָק, העדר קאָנזול!

בערניק. כ׳וועל איהם שוין קיינמאָל ניט זעהן צוריק, זאָג איך אייך! כ׳האָב איהם פערלאָרען, לאָנאַ, און—איצט זעה איך עס—ער איז קיינמאָל ניט געווען מיינער! (הערט זיך צו.) וואָס איז דאָס?

רומעל. מוזיק. דער עולם קומט.

בערניק. כ׳קען ניט, כ׳וויל קיינעם ניט אויפנעהמען!

רומעל. וואָס רעדסט דו? דאָס קען אונמעגליך געהן.

אַלטסטעדט. אונמעגליך, העדר קאָנזול; בערעכענט נור, וואָס עס שטעהט אייך דאָ צו פערליערען.

בערניק. וואָס געהט עס מיך אַלעס אָן אַצונד? פאַר וועמען האָב איך איצט צו אַרבייטען?

רומעל. אַ שעהנע פראַגע, בנאמנות. וואָס הייסט? דו האָסט דאָך אונז אין די געזעלשאַפט.

וויגעלאַנד. זעהר ריכטיג.

אַלטסטעדט. און פערגעסט נור ניט, העדר קאָנזול, אַז מיר—

פרייליין בערניק קומט דורך דער הינטערשטער טהיר לינקס. די מוזיק הערט זיך אין האַלב-פערדריקטע טענער ווייט פון דער גאַס אַרויף.

פרייליין בערניק. אַצונד קומט דער עולם; אָבער בעטטי איז ניטאָ אין דערהיים; כ׳פערשטעה גאָר ניט, וואו זי—

בערניק. ניטאָ אין דערהיים! נאַ, זעהסט דו שוין, לאָנאַ; קיין שום שטיצע, ניט אין פרייד, ניט אין לייד.

רומעל. אַוועק מיט די פאָרהאַנגען! נאַ, העלפט מיר צו, העדר קראַפ. און איהר אויך, אַלטסטעדט! אַ שאָד, וואָס די פאַמיליע איז

גראַד איצט אַזוי צושפּליטערט... גאַרניט לויט'ן פּראָגראַם. (די פֿאָרהאַנגען ווערן אַוועקגעצויגען פֿון די פֿענסטער אין דער טהיר. אויף'ן הויז אַנטקעגען זעהט מען אַ גרויסען טראַנספּאַראַנט מיט די ווערטער: „לעבען זאָל קאָנזול בערניק, די שטיצע פֿון אונזער געזעלשאַפֿט!")

בערניק, (קעהרט זיך אָב מיט שרעק). אַוועק מיט דעם אַלעמען! כ'וויל עס ניט זעהן! לעשט אויס! לעשט אויס!

רומעל. כ'בעט איבער דיין כבוד, אָט אַפּנים דו ביסט פֿון זינען אַראָב, צי וואָס?

פֿריילין בערניק. וואָס איז מיט איהם געשעהן, לאָנאַ?

פֿריילין העסעל. שש! (רעדט מיט איהר אין דער שטיל.)

בערניק. אַוועק מיט די שפּאָטישע ווערטער, זאָג איך אייך! זעהט איהר דען ניט, אַז אָט די אַלע ליכטלאַך שטרעקען אויס די צונגען נאָך אונז?!

רומעל. נאַ, אָבער דאָס הייסט אַביסעל—

בערניק. האַ, וואָס איך רייד—! אָבער איך, איך—! אָט דאָס אַלעס זיינען ליכט אין אַ טויטען-הויז!

קראַפּ. הם—

רומעל. ניין, הערסט דו,—דו נעהמסט זיך צופֿיעל צום האַרצען.

אַלטסטעדט. דאָס אינגעל וועט זיך דורכפֿאָהרען אַביסעל איבער'ן אַטלאַנטישען אָקעאַן און דאַן קריגט איהר איהם ווידער צוריק.

וויגעלאַנד. איהר פֿערלאָזט זיך נור אויף'ן בורא עולם, העֶרר קאָנזול.

רומעל. און אויף דאָס שיף, בערניק; וואָס זשע, ס'איז דאָך ניט אַזוי שלעכט, אַז עס קען אונטערגעהן!

קראַפּ. הם—

רומעל, נו יאָ, ווען עס וואָלט געווען איינער פֿון יענע שווימענדע טויטען-קאַסטענס, ווי די גרויסע געזעלשאַפֿט לאָזט זיי אַרויס— —

בערניק. כ'פֿיהל עס—אָה, וועה!—

מאַדאַם בערניק, אַ גרויסעס טוך אַרום קאָפּ, קומט אָן דורך דער גאָרטענטהיר.

מאַדאַם בערניק. ריכאַרד, ריכאַרד, דו ווייסט—?

בערניק. יאָ, איך ווייס—; אָבער דו,—דו, וואָס דו זעהסט קיין זאַך ניט,—וואָס דו האָסט קיינמאָל איבער איהם קיין מוטערליכעס אויג—!

מאַדאַם בערניק. אָה, הער דאָך אויס—!

בערניק. פֿאַרוואָס האָסט דו אויף איהם ניט אַכטונג געגעבען? אַצונד האָב איך איהם פֿערלאָרען! גיב מיר איהם צוריק, אויב דו קענסט!

מאַדאַם בערניק. יאָ, כ׳קען עס; איך האָב איהם!
בערניק. דו האָסט איהם!?
די הערר ן. אַה!
הילמאַר. נאַ, דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט.
פֿרייליין בערניק. דו האָסט איהם ווידער, ריכאַרד!
פֿרייליין העסעל. יאָ, פֿערדיען איהם אויך איצט...
בערניק. דו האָסט איהם!— ס׳איז אמת? וואו איז ער?
מאַדאַם בערניק. דאָס ווערסט דו ניט געוואָהר ווערן, ביז וואַ-נעט דו וועסט איהם מוחל זיין.
בערניק. ווייס איך וואָס, מוחל זיין—! ווי אַזוי האָסט דו זיך דערוואוסט—?
מאַדאַם בערניק. דו מיינסט, אַ מוטער זעהט ניט? כ׳האָב גע-האַט טויטעס-אַנגסטען, דו זאָלסט חלילה ניט געוואָהר ווערן וואָס עס איז. אַ פּאָר ווערטער, וואָס ער האָט נעכטען אַרויסגערעדט—; און דאָ געפֿין איך זיין צימער ליידיג און די רייזע-טאַש און די קליידער זיינען ניטאָ—
בערניק. נו, ני—?
מאַדאַם בערניק. איך בין אַוועקגעלאָפֿען; כ׳האָב אויפֿגעזוכט אַולער׳ן; מיר זיינען אַרויסגעפֿאָהרען אין זיין זעגעל-שיף; דאָס אַמע-ריקאַנישע שיף איז גראָד גרייט געווען אָבצופֿאָהרען. גאָט צו דאַנקען, מיר זיינען נאָך געקומען אין צייט,—אַרויף אויף׳ן שיף,—דורכגעזוכט איבעראַל,—און איהם געפֿונען!—אָה, ריכאַרד, דו דאַרפֿסט איהם ניט בעשטראָפֿען!
בערניק. בעטטי!
מאַדאַם בערניק. און אַולער׳ן אויך ניט!
בערניק. אַולער׳ן? וואָס ווייסט דו וועגען איהם? איז די „גאַ-זעלע" אָבגעפֿאָהרען?
מאַדאַם בערניק. ניין, אָט דאָס איז דאָס טאַקי—
בערניק. רייד, רייד דאָך!
מאַדאַם בערניק. אַולער איז געווען אַזוי צורודערט ווי איך; דאָס זוכען האָט גענומען אַ היבשע צייט; ס׳איז געוואָרען פֿינסטער, דער פּילאָט האָט געמאַכט שוויריגקייטען; האָט אַולער געוואַגט—אין דיין נאָמען—
בערניק. נו, נו—?
מאַדאַם בערניק. אָבצוהאַלטען דאָס שיף ביז מאָרגען.
קראַפּ. הם—
בערניק. אָה, וואָס פֿאַר אַ גרויס גליק דאָס איז!
מאַדאַם בערניק. און דו ביסט גאָר ניט בייז דערפֿאַר?

בערניק. אָה, וואָס פֿאַר אַן איבערמאָס פֿון גליק, בעטטי!

רומעל. הערסט דו, דו ביסט מיר שוין צו געוויסע־האַפֿט.

הילמאַר. נו יאָ, קוים געהט עס וועגען אַ קליינעם קאַמפף מיט דער נאַטור, דאַן—אוף, אוף!

קראַפ (ביי די פֿענסטער). אָן קומט דער עולם דורך דער גאָרטענטהיר, הערר קאָנזול.

בערניק. יאָ, אַצונד מעג ער קומען!

רומעל. דער גאַנצער גאָרטען פֿילט זיך אָן מיט מענשען.

אַלטסטעדט. די גאַנצע גאַס איז פֿול געפאַקט.

רומעל. די גאַנצע שטאָדט איז אויף די פֿיס, בערניק! דאָס איז ווירקליך אַ פֿייערדיגער מאָמענט.

וויגעלאַנד. לאָמיר איהם געניסען מיט אַן עניוות׳דיגען האַרצען, הערר רומעל.

רומעל. אַלע פֿאָהנען פֿונאַנדערגעוויקעלט! וואָס פֿאַר אַ פּראָצעסיאָן!... אַה, אָט איז דאָס פֿעסט-קאָמיטע מיט פּרעדיגער ראָהרלאַנד אָן דער שפּיצע.

בערניק. זאָלען זיי קומען, זאָג איך!

רומעל. אָבער הער אויס,—אין דעם אויפֿגערעגטען צושטאַנד, וועלכען—

בערניק. איז וואָס?

רומעל. איך וואָלט זיך ניט ענטזאַגט, אָנשטאָט דיר צו האַלטען די רעדע—

בערניק. ניין, אַ דאַנק; היינט אָוועגד וויל איך אַליין ריידען!

רומעל. אָבער ווייסט דו פֿאָרט, וואָס דו האָסט צו זאָגען?

בערניק. האָב קיין מורא ניט, רומעל,—איצט ווייס איך וואָס איך האָב צו זאָגען.

די מוזיק איז דערווייל שטיל געוואָרען. די גאָרטענטהיר עפֿענט זיך אויף. ראָהרלאַנד אָן דער שפּיצע פֿון׳ם פֿעסט-קאָמיטע קומט אַריין, בעגלייט פֿון עטליכע טרעגער, וואָס טראָגען אַ צוגעדעקטען קאָרב. נאָך זיי געהען בירגער פֿון דער שטאָדט פֿון אַלע קלאַסען, אַזוי פֿיעל וויפֿיעל דער סאַלאָן קען נור אַריינגעהמען אין זיך. אַן אונגעהייער גרויסע מאַסע מיט פֿאָהנען זעהט מען אין גאָרטען און אויף דער גאַס.

ראָהרלאַנד. הויכגעעהרטער הערר קאָנזול! פֿון דער איבעראַשונג, וואָס איך לייען אויף אייער געזיכט, זעה איך, אַז מיר האָבען זיך אַריינגעשפּאַרט אלס אומגעריכטע געסט אין אייער גליקליכען פֿאַמיליען-קרייז, אין אייער פֿריעדליכע היים, אַרומגערינגעלט פֿון אָנ-

געזעהענע און וואָהלטהעטיגע פריינד און מיט-בירגער. אָבער אַ געפיהל פון אונזער טיעפען האַרצען, אַ וואונש, געגען וועלכען מיר האָבען ניט געקענט קעמפפען, האָט אונז געטריבען אַהער היינט אָווענד, אייך צו ברייגנגען אונזער לויב און דאַנק. ס'איז ניט דאָס ערשטע מאָל, וואָס מיר טהוען עס, אָבער עס איז דאָך דאָס ערשטע מאָל וואָס מיר טהוען עס אין אַזאַ גרויסען מאַסשטאַב. אָפּטמאָל האָבען מיר אייך שוין געדאַנקט פאַר דעם ברייטען מאָראַלישען יסוד, אויף וועלכען איהר האָט, אַזוי צו זאָגען, אויפגעבויט אונזער געזעלשאַפט...

שטימען (פון דעם עולם). בראַוואָ!

ראָהרלאַנד. היינט אָבער לויבען מיר אין אייך הויפטזעכליך דעם קלאָהר-זעהענדען, אונערמיעדליכען, אונאייגענניציגען, אָפּפערוויליגען בירגער, וועלכער האָט גענומען די איניציאַטיווע צו אַן אונטערנעהמונג, וועלכע וועט אָהן אַ שום ספק געבען דעם אירדישען גליק און וואָהלזיין פון אונזער געזעלשאַפט אַ שטאַרקען שטויס פאָרווערטס.

שטימען. בראַוואָ, בראַוואָ!

ראָהרלאַנד. הערר קאָנזול, יאָהרען לאַנג זייט איהר געווען פאַר אונזער שטאָדט אַן עמוד האש, אַ לייכטענדער ביישפיעל. איך רייד דאָ ניט פון אייער מוסטערהאַפטען פאַמיליען-לעבען, פון אייער פלעקען-לאָזע מאָראַלישע אויפפיהרונג איבערהויפט. אַזעלכע זאַכען געהערן אין שטילען קעמערל און ניט אין גרויסען יום טוב'דיגען זאַאַל! אָבער איך רייד פון אייער כלל-טהועריי, פון אייער בירגערליכער טהעטיגקייט, ווי זי ליגט דאָ אָפען פאַר אונזערע אויגען. גוט געבויטע, שטאַרקע שיפען געהען אַרויס פון אייערע דאָקס און צייגען אייערע פאָהנען אויף די ווייטעסטע ים'ען, אַ גרויסע מחנה פון גליקליכע און צופריעדענע אַרבייטער קוקט אויף אייך אַזוי ווי אויף אַ פאָטער. דערמיט וואָס איהר האָט געשאַפען נייע אַרבייטס-צווייגען, האָט איהר געזאָרגט פאַר דאָס גליק פון הונדערטער פאַמיליען. מיט אַנדערע ווערטער—איהר זייט, פשוט גערעדט, דער הויפט-זייל פון אונזער געזעלשאַפט.

שטימען. הערט, הערט! בראַוואָ!

ראָהרלאַנד. און גראָד דער דאָזיגער גלאַנץ פון אונאייגעננוציגקייט, וועלכער איז אויסגעגאָסען איבער אייער גאַנצען האַנדעל און וואַנדעל, ווירקט אַזוי גוט, דער עיקר אין דיזע צייטען... איהר האָט איצט בדעה אונז צו שאַפען—כ'וויל דעם נאָמען אַרויסזאָגען גאַנץ פראָזאַאיש און גאָר פראָסט—אַן אייזענבאַהן.

פיעלע שטימען. בראַוואָ, בראַוואָ!

ראָהרלאַנד. אָבער עס ווייזט אויס, אַז די דאָזיגע אונטערנעה-

מונג וועט מוזען בענעגענט ווערן פֿון שווערינקייטען,—דער עיקר אַזעלכע שווערינקייטען, וואָס שטאַמען פֿון ענג הערציגע און עגאָ-איסטישע אינטערעסען...

שטימען. הערט, הערט!

ראָהרלאַנד. ס'איז שוין מעהר קיין סוד ניט, אַז געוויסע פּער-זאָנען, וואָס בעלאַנגען ניט צו אונזער געמיינדע, האָבען פֿערבאַפּט אַפֿריהער דעם וועג און אַרויסגעקראָגען פּריווילעגיעס, וועלכע וואָל-טען על פּי יושר געדאַרפֿט אַריינפֿאַלען אין אונזער אייגענער שטאָדט.

שטימען. יאָ, יאָ! הערט, הערט!

ראָהרלאַנד. דיזער טרויעריגער פֿאַקט איז, פֿערשטעהט זיך, אייך אויך בעקאַנט, הערר קאָנזול. אָבער טראָצדעם האַלט איהר זיך פֿעסט ביי אייער אונטערנעהמונג,—וויסענדיג גאַנץ גוט, אַז אַ פּאַטריאָטישער בירגער דאַרף ניט האָבען אין זינען בלויז די אינטערעסען פֿון זיין אייגענער שטאָדט.

פֿערשיעדענע שטימען. הם! ניין, ניין! יאָ, יאָ!

ראָהרלאַנד. ס'איז אַלזאָ אי דעם מיטבירגער און אי דעם ביר-גער פֿון אונזער שטאָדט—הקיצור, דעם מאַן אין פֿולסטען זינן פֿון וואָרט,—וואָס מיר בעגריסען אין אייער פּערזאָן היינט אָוונד. זאָל די אונטערנעהמונג אייערע ווערן אַן אמת'ער און דויערהאַפֿטער גליק פֿאַר אונזער געזעלשאַפֿט!... די אייזענבאַהן קען אפילו ווערן אַ וועג, איך וועלכען מיר קענען אַריינקריגען צו אונז פֿערדאָרבענע עלעמענ-טען פֿון דרויסען,—אָבער אין דערזעלבער צייט אויך אַ וועג, וועלכער זאָל זיי פֿון אונז גיך אַרויס'פּטר'ן. און פֿון שלעכטע דרויסענדיגע עלעמענטען קענען מיר דאָך איצט אפילו זיך אויך ניט אויסהיטען. אָבער דאָס וואָס מיר זיינען גראָד אין דעם יום טוב'דיגען אָוונד פּטור געוואָרען פֿון געוויסע עלעמענטען אַזעלכע, און אַזוי גליקליך און שנעלער ווי ס'איז געווען צו ערוואַרטען—

שטימען. שש! סט!

ראָהרלאַנד. —דאָס בעטראַכט איך אַלס גליקליכען סימן פֿאַר דער אונטערנעהמונג. דאָס וואָס איך בעריהר דאָ אָט דעם פּונקט, ווייזט, אַז מיר געפֿינען זיך אין אַ הויז, וואו די מאָראַלע פֿאָדערונג שטעהט העכער פֿון די פֿאַמיליען-אַנגעלעגענהייטען.

שטימען. הערט, הערט! בראַוואָ!

בערניק (אין דערזעלבער רגע). ערלויבט מיר—

ראָהרלאַנד. בלויז עטליכע ווערטער נאָך, הערר קאָנזול... דאָס וואָס איהר האָט פֿאַר דיזער שטאָדט געשאַפֿען, דאָס האָט איהר גע-וויס ניט געטהאָן מיט קיין שום הינטער-געדאַנק, אַז עס זאָל אייך איינברייגגען וואָס פֿאַר עס איז מאַטעריעלען פּראָפֿיט. אָבער אַ קליי-

נעם צייכען פֿון אָנערקענונג, וואָס אייערע דאַנקבאַרע מיטבירגער ווי-
לען אייך היינט ברייגנען׳, דאַרפֿט איהר ניט צוריקווייזען, — אַם
וויניגסטענס אין דעם דאָזיגען בעדייטענדען מאָמענט, ווען מיר שטע-
העןבייםאָנפֿאַנג פֿון אַ נייער צייט, לויט דער פֿערזיכערונג פֿון
פראַקטישע מענער.

פֿיעלע שטימען. בראַוואָ! הערט! הערט!

ער גיט אַ וואונק צו די משרתים, וועלכע טראָגען צו דעם
קאָרב נעהנטער. מיטגליעדער פֿון דעם פֿעסט-קאָמיטע גיבען
איבער, אין דער צייט וואָס ראָהרלאַנד רעדט ווייטער, די
זאַכען, צו די פֿאַר וועמען זיי זיינען בעשטימט.

ראָהרלאַנד. דאָ, הערר קאָנזול, גיבען מיר אייך איבער אַ זיל-
בערנע קאַפֿע סערוויס. זאָל עס בעפוצען אייער טיש יעדעס מאָל, ווען
מיר וועלען אין דער צוקונפֿט, ווי ביז אַהער אַזוי אָפֿט, זיך פֿעראיי-
ניגען אין דיזען גאַסט-פֿריינדשאַפֿטליכען הויז.

און אויך אייך, מיינע חערן, וואָס איהר זייט אַזוי בערייטוויליג
געשטאַנען אונזער אָנגעזעהענסטען מיטבירגער ביי דער זייט, אויך
אייך האָבען מיר אַ קליינע מתנה אָנצובאָטען, אַלס צייכען פֿון אָנער-
קענונג פֿאַר אייער אַרבייט.

אָט דער זילבערנער בעכער איז פֿאַר אייך, הערר רומעל.
איהר האָט אַזוי אָפֿט, אַרום פֿולע וויין-בעכערס, מיט גרויסאַרטיגע
ווערטער פֿערטרעטען די אינטערעסען פֿון אונזער שטאָדט. איך ווינש
אייך, איהר זאָלט אַזוי אָפֿט ווי מעגליך געפֿינען געלעגענהייטען אויפֿ-
צוהיבען און אויסצולויידיגען דיזען בעכער.

פֿאַר אייך, הערר אַלטסטעדט, האָב איך אָט דעם אַלבום מיט פּאָר-
טרעטען פֿון אונזערע מיטבירגער. די בעקאַנטע און אָנערקענטע גע-
פֿיהלען פֿון מענשליכקייט אייערע האָבען אייך געגעבען די אָנגענעהמע
מעגליכקייט, זיך צו שאַפֿען פֿריינדע אין אַלע פּאַרטייען פֿון דער
געזעלשאַפֿט.

און אייך, הערר וויגעלאַנד, גיב איך דאָ איבער—אַלס דעקאָראַציאָן
פֿון אייער פריוואַט-צימער—אַ בוך איבער די פֿאַמיליען-טריישאַפֿט,
אויף קונסט-פּאַפּיר און אין אַ פּראַכטפֿאָלען איינבאַנד. אונטער דעם
רייך-געוואָרענעם איינפֿלוס פֿון יאָהרען, זייט איהר צוגעקומען צו אַן
ערנסטע אַנשויאונג איבער׳ן לעבען; אייער אַרבייט איז שטענדיג גע-
רייניגט און געלייטערט געוואָרען פֿון גערדאַנקען פֿון העכערע און
הייליגערע זאַכען.— (זיך אומדרעהענדיג מיט׳ן פנים צו עולם.) און
אַצונד, מיינע פֿריינד, זאָל לאַנג לעבען קאָנזול בערניק מיט זיינע מיט-
קעמפֿפֿער! הורראַה פֿאַר די שטיצען פֿון דער געזעלשאַפֿט!

דער גאַנצער עולם. לאַנג לעבען זאָל קאָנזול בערניק!..

לאַנג לעבען זאָלען די שטיצען פֿון דער געזעלשאַפֿט! הורראַה! הורראַה! הורראַה!

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. כ׳גראַטוליר דיר, שוואָגער! (ערוואַרטונגס-פֿולעס שטיל-שווייגען.)

ב ע ר נ י ק (הויבט אָן ערנסט און לאַנגזאַם). מיינע מיטבירגער,— דער רעדנער אייערער האָט געזאָגט, מיר שטעהען היינט ביים אָנ-פֿאַנג פֿון אַ גייער צייט,—און דאָס וועט, האָף איך, מקוים ווערן, אָבער כדי דאָס זאָל געשעהן, מוזען מיר זיך די וואַהרהייט אָנאייג נען,—די וואַהרהייט וועלכע האָט ביז היינט אָבענד אין אַלע פּרטים ביי אונז קיין אָרט ניט געפֿונען. (איבערראַשונג צווישען די אַרומ-שטעהענדע.) איך מוז אָנפֿאַנגען דערמיט, צוריקצואווייזען דעם לויב, מיט וואָס איהר, הערר וויצע-פּרעדיגער, האָט מיך אָבגעשאָטען, ווי דער שטייגער איז ביי אַזעלכע געלעגענהייטען. כ׳האָב עס ניט פֿער-דיענט; דען ביז אויף היינטיגען טאָג בין איך ניט געוועזען קיין אונאייגענגוציגער מענש. אויב איך האָב ניט שטענדיג געשטרעבט צו גרויסע פּראָפֿיטען, איין זאַך איז אָבער זיכער, אַז אַ שטרעבען נאָך מאַכט, איינפֿלוס און כבוד איז געוועזן די טרייב-פעדער ביי דאָס רוב פֿון מיינע האַנדלונגען.

ר ו מ ע ל (שטילערהייט). וואָס הייסט דאָס!

ב ע ר נ י ק. כ׳וויל זיך פֿונדעסטוועגען ניט מאַכען קיין פֿאָרווירפֿע דאָ פֿאַר מיינע מיטבירגער אין די אויגען; מחמת נאָך איצט מיין איך, אַז איך קען שטעהן אין דער ערשטער שורה מיט די פּראַקטישע און ניצליכע מענער פֿון אונזער שטאָדט.

פֿ י ע ל ע ש ט י מ ע ן. יאָ, יאָ, יאָ!

ב ע ר נ י ק. אָבער וואָס איך קען זיך אַליין ניט מוחל זיין איז דאָס, וואָס איך בין אָפֿט געוועזען אַזוי שוואַך צו געהן מיט הינטער-וועגען, מחמת איך האָב גוט געקענט די נייגונג פֿון אונזער געזעלשאַפֿט און דעריבער האָב איך מורא געהאַט, אַז מען קען נאָך געפֿינען אונריינע מאָטיווען אין יעדע זאַך, וואָס אימיצער אונטערנעהמט... און דאָ קום איך אַלזאָ צו דעם ריכטיגען פּונקט.

ר ו מ ע ל (אונרוהיג). הם—הם!

ב ע ר נ י ק. ס׳האָט זיך דאָ פֿערשפּרייט אַ קלאַנג מכח די גרויסע שטיקער ערד, וואָס זיינען אויפֿגעקויפֿט געוואָרען. אָט די שטיקער ערד האָב איך דאָס געקויפֿט, אַלע מיט אַמאָל, איך אַליין.

א י י נ ג ע ה אַ ל ט ע נ ע ש ט י מ ע ן. וואָס רעדט ער? דער קאָנזול? קאָנזול בערניק?

ב ע ר נ י ק. לעת עתה זיינען זיי ביי מיר אין דער האַנד. נאַטירליך האָב איך אויסגעזאָגט דעם סוד מיינע מיטאַרבייטער, די הערבן רומעל, אַלטסטעדט און וויגעלאַנד, און מיר האָבען זיך פֿערגלייכט—

ר ו מ ע ל. ס'איז ניט אמת! בעווייז—!
וויגעלאַנד. מיר האָבען זיך קיינמאָל ניט פֿעַ־גרייכט!
אַלטסטעדט. אָבער דאָס הייסט אַביסעל—!
בערניק. גאַנץ ריכטיג,—מיר האָבען זיך נאָך ניט פֿערגלייכט מכח דעם, וואָס איך וויל דאָ זאָגען. אָבער איך בין איבערצייגט, אַז די דריי הערען וועלען גאָרנישט האָבען דאַגעגען, ווען איך זאָג, אַז איך האָב היינט אָוועגד אָבגעמאַכט ביי מיר, פֿאָרצוליינען דיזע שטיקער ערד צום פֿערקויף פֿאַר אַלעמען; יעדער איינער, ווער עס וויל נור, קען קויפֿען איינע אָדער מעהרערע אַקציעס און האָבען זיין טהייל דעריין.
פֿ י ע ל ע ש ט י מ ע ן. הורראַ! לאַנג לעבען זאָל קאָנזול בערניק!
ר ו מ ע ל (שטילערהייט צו בערניק'ן). אַזאַ נידערטרעכטיגער פֿער-ראַטה—!
אַלטסטעדט (דאָסגלייכען). דאָס הייסט אַביסעל אַרומגעפֿיהרט ביי דער נאָז—!
וויגעלאַנד. אָבער זאָל דאָס דער טייוועל כאַפּען—! אוי וועה, וואָס האָב איך פֿאָרט געזאָגט!
ד ע ר ע ו ל ם (אויף דרויסען). הורראַה, הורראַה, הורראַה!
בערניק. שטיל, מיינע הערען. כ'האָב קיין שום רעכט ניט אויף דעם כבוד, וואָס איהר גיט מיר דאָ אָב; דען דאָס וואָס איך האָב איצט בעשלאָסען, איז ניט געווען מיין אַבזיכט גלייך אין אָנהויב. מיין אַבזיכט איז געווען, צו האַלטען דאָס גאַנצע פֿאַר מיר אַליין; און איך בין אַצונד נאָך אויך אין דער מיינונג, אַז די דאָזיגע שטיקער ערד קענען אַם בעסטען אויסגענוצט ווערן, ווען זיי זאָלען בלייבען אין איין האַנד. אָבער ביי אייך איז די ברירה. אויב עס איז אייער וואונש, בין איך מוכן ומזומן, זיי צו פֿערוואַלטען ווי געהעריג איז.
ש ט י מ ע ן. יאָ, יאָ, יאָ!
בערניק. אָבער קודם כל מוזען מיינע מיטבירגער פֿאָלשטענדיג וויסען ווער און וואָס איך בין. דערנאָך זאָל יעדער איינער זיך אַליין אויספרואווען, און לאָמיר זעהן, עס זאָלען מקוים ווערן די ווערטער, אַז מיר שטעהען איצט ביים אָנפֿאַנג פֿון אַ נייער צייט. די אַלטע, מיט איהר מאַסקע, מיט איהר צבוע'יאַטסוואָ און פוסטקייט, מיט איהר ליגנערישער אָנשטענדיגקייט, זאָל בלייבען פֿאַר אונז אַזוי ווי אַ מו-זעאום, אָפֿען פֿאַר יעדען איינעם וואָס וועט וועלען דאָרט עפעס לער-נען, און אָט דעם מוזעאום וועלען מיר אַוועקשיינקען—ניט אמת, מיינע הערען?—אי דעם קאַפֿע-סערוויז, אי דעם בעכער, אי דעם אַלבום, אי דעם בוך איבער פֿאַמיליען-טריישאַפֿט אויף קונסט-פאַפּיר און אין פראַכטפֿאָלען איינבאַנד.

ר ו מ ע ל. נו יאָ, פֿערשטעהט זיך.

וו י ג ע ל אַ נ ד (מורמעלט). אַז איהר האָט אַלע אַנדערע זאַכען צוגענומען, טאָ—

אַ ל ט ס ט ע ד ט. זייט אַזוי גוט.

ב ע ר נ י ק. און אַצונד מוז איך מאַכען דעם סך הכל, די הויפּט אָברעכנונג מיט מיין געזעלשאַפֿט. נאָר וואָס האָט מען דאָ געזאָגט, אַז שלעכטע עלעמענטען האָבען אונז היינט אָוועגד פֿערלאָזען. איך קען נאָך צוגעבען עפּעס, וואָס מען ווייסט נאָך ניט: דער מאַן, פֿון וועמען ס'איז געווען די רייד, איז ניט געפֿאָהרען אַליין... ס'האָט איהם בעגלייט, כדי זיין פֿרוי צו ווערן—

פֿ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל (אויף'ן קול). דינאַ דאָרף!

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. וואָס!

מ אַ ד אַ ם ב ע ר נ י ק. וואָס רעדסט דו! (גרויסע אויפֿרעגונג צווישען עולם.)

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. אַנטרונען געוואָרען? אַנטלאָפֿען?—מיט איהם! אונמעגליך!

ב ע ר נ י ק. אום זיין פֿרוי צו ווערן, הערר וויצע-פרעדיגער. כ'האָב נאָך עפּעס מעהר צו זאָגען. (שטיל.) בעטטי, שטאַרק זיך און פֿער-טראָג דאָס, וואָס קומט איצט. (אין דער הויך.) כ'זאָג: דעם הוט אַרונטער פֿאַר דעם מאַן! דען ער האָט ווי אַן עדעלמאַן גענומען אויף זיך אַן אַנדערן'ס זינד. מיינע מיטבירגער, כ'וויל מאַכען אַ סוף צום ליגען! ער האָט שוין כמעט פֿערגיפֿטעט יעדע סטרונע אין מיין האַר-צען. איהר זאָלט אַלעס וויסען. א י ך בין דאָס פֿאַר פֿופֿצעהן יאָהר געווען דער שולדיגער.

מ אַ ד אַ ם ב ע ר נ י ק (שטיל און ציטערנדיג). ריכאַרד!

פֿ ר י י ל י י ן ב ע ר נ י ק (דאָסגלייכען). אַה, יאָהאַן—!

פ ר י י ל י י ן ה ע ס ע ל. ענדליך האָסט דו זיך פֿאָרט אַליין צוריקגע-פֿונען! (שטיל-שווייגענדע ערשטוינונג צווישען די אָנוועזענדע).

ב ע ר נ י ק. יאָ, מיינע מיטבירגער, א י ך בין געווען דער שולדיגער, און ער איז אַנטלאָפֿען פֿון דערהיים. די רשעות'דיגע און ליגנערישע קלאַנגען, וועלכע האָבען זיך דערנאָך פֿערשפּרייט, איז איצט קיינער ניט בכח אָבצולייקענען. אָבער מיט פֿופֿצעהן יאָהר צוריק האָב איך מיר אויפֿגעהויבען אין דער הויך טאַקי אויף די דאָזיגע קלאַנגען; אויב איך דאַרף איצט צוריק אַרונטערפֿאַלען מיט זיי צוזאַמען—דאָס זאָל יעדער פֿאַר זיך ענטשליסען.

ר אָ ה ר ל אַ נ ד. וואָס פֿאַר אַ דונערשלאַג! דער אָנגעזעהענסטער מאַן אין שטאָדט—! (שטילערהייט צו מאַדאַם בערניק.) אָה, ווי איך בעדויער אייך, מאַדאַם בערניק!

הילמאַר. אַזאַ מין מודה זיין זיך! נאַ, דאָס הייסט אַביסעל—!

בערניק. אָבער קיין אורטהייל, קיין ענטשיידונג היינט אָוועגד! כ׳בעט אייך, געהט אַהיים—זייט זיך גוט מישב מיט זיך אַליין—זאָל יעדער איינער אַריינקוקען אינעווייניג ביי זיך אין האַרצען. אַז די געמיטהער וועלען זיך בערוהיגען, דאַן וועט זיך אַרויסצייגען, צי איך האָב דורך דעם פערלאָרען אָדער געוואונען וואָס עס איז. גוטע נאַכט! איך האָב נאָך פיעל, זעהר פיעל, אויף וואָס איך מוז חרטה האָבען; אָבער דאָס האָט בלויז צו טהאָן מיט מיין אייגענעם געוויסען. גוטע נאַכט! אַוועק מיט אָט דעם גאַנצען פאַראַד! מיר אַלע פיהלען, אַז ניט דאָ איז דער פלאַץ דערצו!

ראָהרלאַנד. גו, געוויס ניט. (אָן אַ זייט צו מאַדאַם בערניק.) אַנטלאָפען! זי איז מיר אַלזאָ פאָרט ניט ווערטה געווען. (מיט אַ נידעריגען קול צו דעם פעסט־קאָמיטע.) יאָ, מיינע העררן, נאָך דעם וואָס האָט דאָ פאַסירט, מיין איך, עס וועט זיין דאָס בעסטע, מיר זאָלען שטילערהייט אַוועק פון דאַנעט.

הילמאַר. ווי אַזוי מען קען, נאָך דעם אַלעם, דאָ הויך־האַלטען די גייסטיגע פאָהן, אסור מיר, צי איך ווייס... אוף, אוף!

די נייעס האָט זיך דערווייל שושקענדיג פערשפרייט פון מויל צו מויל. דער גאַנצער עולם געהט אַרויס פון גאָרטען. רומעל, אַלטסטעדט און וויגעלאַנד געהן אַוועק, פיהרענדיג אַ הייסען וכוח אין דער שטיל. הילמאַר גנב׳עט זיך אַרויס פון רעכטס. שטום בלייבען אין סאַלאָן בערניק, זיין פרוי, פרייליין בערניק, פרייליין העסעל און קראַפ.

בערניק. בעטטי, קענסט מיר מוחל זיין?

מאַדאַם בערניק (קוקט איהם אָן מיט אַ שמייכעל). דו ווייסט, ריכאַרד, דו האָסט מיר אַצונד געגעבען די בעסטע האָפנונג פאַר די צוקונפט.

בערניק. מיט וואָס?

מאַדאַם בערניק. יאָהרען לאַנג האָב איך געמיינט, אַז איך האָב דיך אַמאָל געהאַט און דערנאָך ווידער פערלאָרען. איצט ווייס איך, אַז איך האָב דיך קיינמאָל ניט געהאַט; אָבער אַצונד זאָלסט דו זיין מיינער!

בערניק (אומאַרמט זי). אָה בעטטי, כ׳בין שוין דיינער. דורך לאָנאַ׳ן האָב איך דיך ערשט ריכטיג דערקענט. אָבער אַצונד זאָל אָלאַף אַהערקומען.

מאַדאַם בערניק. יאָ, אַצונד זאָלסט דו איהם האָבען.— הערר קראַפ!— (זי רעדט עפעס מיט איהם שטילערהייט אין הינטערגרונד.

ער געהט אַרויס דורך דער גאָרטען-טהיר.— ביסלעכווייז ווערן אַלע טראַנספּאַראַנטען און ליכט פערלאָשען אין הויז.)

בערניק (מיט אַ ווייכען טאָן). אַ דאַנק, לאָנאַ, דו האָסט דאָס בעסטע אין מיר—און פאַר מיר גערעטעט.

פריילײן העסעל. וואָס בין איך דען אַנדערש אויסען געוועזען?

בערניק. יאָ, וואָס—וואָס דו ביסט אויסען געוועזען? כ'קען ניט קלוג ווערן דעריבער.

פריילײן העסעל. הם—

בערניק. ס'איז אַלזאָ ניט געוועזען פון שנאה? ניט קיין נקמה? נאָך וואָס דען ביסט דו געקומען אַהער?

לאָנאַ. אַלטע ליעבע ראָסט ניט.

בערניק. לאָנאַ!

פריילײן העסעל. אַז יאָהאַן האָט מיר דערצעהלט וואָס צווישען אייך איז פאָרגעקומען, האָב איך גענומען אויף זיך אַ שבועה: דער העלד פון מיין יוגענד זאָל ווערן פריי און וואָהר!

בערניק. אָה, ווי ווייניג האָב איך, מיזעראַבלער מענש, דאָס פערדיענט פון דיר!

פריילײן העסעל. יאָ, ווען מיר פרויען וואָלטען תמיד גע-פרעגט נאָך'ן פערדיענסט, ריכאַרד—!

אולער קומט אַריין מיט אָלאַף'ן פון גאָרטען.

בערניק (איהם אַנטקעגען געהענדיג). אָלאַף!

אָלאַף. פאָטער, כ'זאָג דיר צו, כ'וועל שוין מעהר קיינמאָל ניט—

בערניק. אַנטלויפען?

אָלאַף. יאָ, יאָ, כ'פערשפרעך עס דיר, פאָטער!

בערניק. און איך פערשפרעך דיר, אַז דו וועסט ניט האָבען קיין אורזאַכע צו וועלען אַנטלויפען. פון איצט אָן זאָלסט דו אויפ-וואַקסען ניט אַלס דער יורש פון מיין לעבענס-אויפגאַבע, נאָר ווי אַ יונגער מענש, וואָס מוז זיך אַליין אויסזוכען זיין אייגענע אויפגאַבע אין לעבען.

אָלאַף. און איך קען, הייסט עס, ווערן דאָס, וואָס איך וויל?

בערניק. יאָ, דאָס וואָס דיין האַרץ גלוסט.

אָלאַף. כ'דאַנק דיר, פאָטער... טאָ הער אַלזאָ—אַ שטיצע פון דער געזעלשאַפט וועל איך ניט זיין.

בערניק. אַה! פאַרוואָס דען ניט?

אָלאַף. אָה... כ'מיין עס מוז זיין אַזוי לאַנגווייליג!

בערניק. דו זאָלסט זיין אַ בראַווער יונג, אָלאַף; איבעריגענס, ווי גאָט וועט וועלען.— און איהר, אַולער—

אַולער. כ'ווייס עס, הערר קאָנזול, איך בין ענטזאַגט.

בערניק. מיר בלייבען צוזאַמען, אַולער; און פֿערצייהט מיר—

אַולער. וואָס—? אָבער דאָס שיף פֿאָהרט דאָך ניט אָב היינט אָווענד.

בערניק. מאָרגען אויך ניט. כ׳האָב אייך געגעבען צו ווייניג צייט. עס מוז גוט פֿערריכטעט ווערן.

אַולער. עס זאָל געשעהן, העדר קאָנזול,—און מיט די נייע מאַשינען!

בערניק, אַזוי איז ריכטיג, אַולער. אָבער גרינדליך און עהרליך. פֿאַרהאַן פֿיעלעס ביי אונז, וואָס מוז פֿעררינכט ווערן ווי געהעריג איז. אַלזאָ גוטע נאַכט, אַולער.

אַולער. גוטע נאַכט, העדר קאָנזול;—און אַ דאַנק, דאַנק, דאַנק אייך! (רעכטס אָב.)

פֿריילין העסעל. נו, זיינען אַלזאָ אַלע שוין אַוועק.

בערניק. און מיר זיינען אַליין. מיין נאָמען שיינט שוין ניט מעהר אין פֿייערדיגע ווערטער; אַלע ליכט אין די פֿענסטער זיינען פֿערלאָשען.

פֿריילין העסעל. וואָלסט געוואָלט, זיי זאָלען ווידער אָנגעצונדען ווערן?

בערניק. אויף קיין פֿאַל ניט! וואו בין איך דאָס געוועזן אין דער וועלט? איהר וואָלט געשווידערט, ווען איהר ווייסט עס. איצט דאַכט זיך מיר עפּעס, אַזוי ווי איך וואָלט נאָך אַ פֿערגיפֿטונג צוריק אָבגעמינטערט און גענעזען געוואָרען. אָבער איך פֿיהל עס,—איך קען ווידער יונג און געזונד ווערן. אָה, קומט אַקאָרשט צו נעהנטער אַהער—שליסט זיך צו צו מיר! קום אַהער, בעטטי! קום אַהער, אָלאַף, מיין זוהן! און דו, מאַרטהאַ,—עפּעס ווייזט מיר אויס, אַזוי ווי איך וואָלט דיך אין אָט די אַלע יאָהרען גאָר ניט בעמערקט!

פֿריילין העסעל. ניין, פֿערשטעהט זיך, אַז ניט; אייער געזעלשאַפֿט איז אַ געזעלשאַפֿט פֿון בחור׳ישע נשמות; די פֿרוי בעמערקט איהר ניט.

בערניק. ריכטיג, ריכטיג; און טאַקי דערפֿאַר,—יאָ, דאָס איז אָבגעמאַכט, לאָנאַ,—דו בלייבסט אימער ביי בעטטי׳ן און מיר!

מאַדאַם בערניק. יאָ, לאָנאַ, ביי אונז!

פֿריילין העסעל. נאַ, ווי וואָלט איך דאָס גאָר געקענט פֿועל׳ן ביי מיר, אייך צו פֿערלאָזען, אייך יונגע לייט, וואָס איהר האָט זיך אָקאָרשט ערשט געפֿונען! בין איך דען ניט אַ ניאַנקע? איך און דו, מאַרטהאַ, מירביידע אַלטע מוהמעס — — וואָס קוקסט דו אַזוי אַרויס אויף דרויסען?

פֿריילין בערניק. וואָס פֿאַר אַ שעהנער הימעל עס ווערט! ווי ליכטיג עס ווערט אויף׳ן ים! דער „טייטעלבוים״ האָט גליק.

פֿרייליין העסעל. יאָ, מיט׳ן גליק אויף זיך.

בערניק. און מיר—מיר האָבען אַ לאַנגען ערנסטען אַרבייטס-טאָג צו ערוואַרטען; דער עיקר איך. אָבער זאָל ער נור קומען; קומט אַקאָרשט צו נעהנטער צו מיר, איהר אמת׳ע און געטרייע פֿרויען! אויך דאָס האָב איך די טעג געלערנט: די פֿרויען זיינען די שטיצען פֿון דער געזעלשאַפֿט!

פֿרייליין העסעל. טאָ האָסט דו אַ קנאַפּע חכמה געלערנט, שוואָגער. (לייגט איהם אַרויף די האַנד פֿעסט אויף׳ן אַקסעל,) ניין... פֿרייהייט און וואַהרהייט—דאָס זיינען די שטיצען פֿון דער געזעלשאַפֿט!

— ענדע —



עס איז ערשינען :

## 1) דאנטאָן'ס טויט

א טראַגעדיע אין דריי אַקטען פֿון ג ע א ר ג ב י כ נ ע ר,

איבערזעצט פֿון א. פ ר ו מ ק י ן.

## 2) שלאָפען דער ליעבע

און אַ זאַמלונג פֿון אַנדערע ערצעהלונגען פון ק נ ו ט ה א ַ מ ס ו ן.

### א קאטאלאג פון אונזערע אנדערע אויסגאבען

ווערט צוגעשיקט אויף פערלאַנג.

בעשטעלונגען צו אַדרעסען :

G. DAVID, *163* Jubilee Street, Mile End
LONDON, England.